מאַטעס סילווערמאַן




(לידער)

ניו יאָרק, 1947

אַרויסגעגעבן פון
פּראָגרעסיוו דרעסמאַכער ברענטש 122
אַרבעטער רינג

געווידמעט צו מאַרטאַ׳ן —
מיין ליב־געטרייער פרוי
און חבר אין פרייד און אין לייד.

# פארווארט

אַן הקדמה פון אַרויסגעבער איז שוין געוואָרען אַ מין טראַדיציע אין דער ליטעראַרישער וועלט. געוויינטלעך איז עס אַ מין התנצלות פון די אַרויסגעבער, אַ דערקלערונג פאַר וואָס זיי האָבען געפונען פאַר נויטיג אַרויסצוגעבען דאָס בוך.

די אַרויסגעבער פון דעם ביכעל לידער פון דעם חשובן אַרבעטער דיכטער, מאטעס סילווערמאַן, דער פּראָגרעסיווער דרעסמאַכער ברענטש 122 אַרבעטער רינג, וואָלט אייגענטלעך געקענט אויסקומען אָן א הקדמה ווייל די אורזאַכען וואָס האָבען אונז באוואויגען אַרויסצוגעבען דאָס ביכעל לידער, וועלען גרינג פאַרשטאַנען ווערען פון די לייענער און פון די וואָס זיינען באַקענט מיט דער קולטור טראַדיציע פון אַרבעטער רינג. אָבער כדי נאָכצוקומען אַ מנהג וועלען מיר דאָ פּרובירען אנדייטען איניגע פון די מאטיוועז וואָס אונזער ברענטש האָט געהאַט ביים אונטערנעמען אָט די אַרבעט.

זיצט אַן ארבעטער, אַ דרעסמאַכער אין שאַפּ און אין גערויש פון מאַשינען און וואכעדיגער האוועניש און פראצע וועבט ער חלומות — חלומות וועגען אַ וועלט אַ יושר'דיגע, אַ האַרמאָניש פרידלעכע, חלומות וועגען מענשען בעסערע און שענערע. די וויזיעס, אויסגעטרוימטע אין שאַפּ, גיבען אים קיין רו ניט. אין די שטילע אווענטן, קומענדיג אין זיין אָרעמע אָבער ציכטיגע היים פאַרגעסט ער זיין מיעדקייט און הונגער, ביז ער באַקליידט זיינע חלומות אין וואָרט און שריפט, ביז זיי נעמען אָן אַ קאָנקרעטע פורם אין ווערטער און שורות, ביז די טרוימען ווערען פאַרקערפּערט אין אַ ליד.

יאָרען גייהען. אַ פערטעל יאָר־הונדערט אַוועק און דער אַרבעטער דיכטער שפינט דעם פאָדעם פון זיינע וויזיעס און פאַרקערפּערט זיי אין לידער, אַרבעטער לידער און סאָציאַלע לידער. רעדאַקציעס פון בעסערע זשורנאַלען, נעמען זיי גערן אָן און דרוקען זיי. די לידער אָבער זיינען צעוואָרפען אויף די זייטען פון צייטשריפטען, ניט צענויפגעזאַמעלט אין איין באַנד. די לייענער, זיינע פאַרהערער און אינטימע פריינד פילען

אַז די צעשאָטענע קאַרעלען, די ב׳חנ׳טע פּערל דאַרפן אַרויפגעצויגען ווערען אויף איין שנירעל אום זיי זאָלען זיך בעסער אָנזען און זאָלען ווי געהעריג אָפּגעשאַצט ווערען. איין חסרון איז דערביי — די ענוות פון דיכטער. מאטעס סילווערמאַן האָט אַ געוואַלדיגען דרך ארץ פאַרן אידישען וואָרט און ער איז צו באשיידען. ער האָט שטענדיג מורא טאָמער איז ער נאָך ניט ראוי אַרויסצוקומען מיט אַ בוך לידער.

אונזער פּראָגרעסיווער דרעסמאַכער ברענטש 122 אַרבעטער רינג, באַטראַכט עס דעריבער פאַר אַ וויכטיגען אויפטו, וואָס עס איז אים געלונגען צו באַוועגען דעם דיכטער, זיין חשוב׳ען מיטגליד צוזאַמענ־נעמען די לידער זיינע און מעגלעך מאַכען עס אַרויסצוגעבען אין בוך פאָרם. אַלס אַרבעטער רינג ברענטש, זיינען מיר פאַראינטערעסירט צו באַרייכערען אונזער אידישע ליטעראַטור ; אַלס פּראָגרעסיווער טרייד יוניאָן ברענטש זיינען מיר באַזונדערס פאַראינטערעסירט אין אַרבעטער און סאָציאַלע לידער ; אַלס חברים זיינען מיר פאַראינטערעסירט אַרויס־צופירען די וויזיעס פון אונזערען אַ חשוב׳ען מיטגליד אין דער אידישער עפענטלעכקייט. דורך אַרויסגעבען מאטעס סילווערמאַנס ביכעל לידער האָבען מיר באַפרידיגט אָט דעם פאַרלאַנג.

איבער די אָנגעגעבענע אורזאַכען באַטראַכטען מיר עס פאַר אַ כבוד און פאַרגעניגען אַרויסצוגעבען אין בוך פאָרם די געזאַמעלטע לידער פון אונזער חשוב׳ען מיטגליד און ברודער, מאטעס סילווערמאַן, און מיר זיינען זיכער, אַז די לייענער וועלען געניסען דעם זעלביגען גייסטיגען פאַרגעניגען לייענענדיג די לידער ווי מיר ביים מעגלעך מאַכען זייער ערשיינען.

דער אַרויסגעבער קאָמיטעט פון פּראָגרעסיווען דרעסמאַכער ברענטש 122, אַרבעטער רינג.

(אונטערשריפטען)

ישראל ברעסלאוו
טשערמאַן

נאָטאַניעל מ. מינקאָף
סעקרעטאר

סאשא זיממערמאַן
קאַסירער

סיימאַן פאַרבער
רעדאַקטאר

דוד שוקין

דזשייקאָב שענקמאַן

ראַלף האַלענבערג

פרענק ניוסבאום

# אַ ליד פון היינט

אַלץ איינס, צי פּאָר אייגענע זינד, צי פּאָר יענעמס, —
ס'איז נאַכט. און מיר גייען דורך טויזנט גיהנום'ס,
אין טויטן-געראַנגל, אויף ערד און אויף ים'ען,
מיט שונא, וואָס וויל אונז צעשטויבן, פאַרשקלאַפן. —
און ס'בלייבט פון „פּראָגרעס״: — האַלעוושעקעס און וואָפן,
צו טויטן און שטאַרבן מיט שונא צוזאַמען.

אַלץ איינס, צי אַ ג ע ט ה ע שוועבט הויך מיט די שטערן, —
זיין בייזער „מעפיסטאָ טרינקט האַרץ-בלוט און טרערן
און שפייט אויף אונז סם פון זיין שוואַרצער נשמה;
אַלץ איינס, צי אַ וו אַ ג נ ע ר צעקלינגט נאָך זיין צויבער, —
זיין ברודער — טיראַן און באַנאַכטיגער רויבער —
איז מקריב די מענשהייט צום גאָט פון מלחמה.

אַלץ איינס, ווער ס'איז שולדיג, און ווער ס'אַ גערעכטער, —
דעם טייוול געשפּייזט האָט דער גוטער און שלעכטער,
געשפּייזט, און אַלץ לויזער געמאַכט אים די קייטן;
ביז איינמאָל, ווען וועלט איז געווען אין אַ דרימל,
האָט ער זיך באַפרייט ... און מיט העליש געטימל
אָוועק איבער לענדער, צו רויבן און טויטן.

און היינט איז זיין טאָג. וואו ער פּראַזעט זיין סעודה,
דער טויט פּייפט „מאַקאַבר״, אויף אַ קנאַכיגער דודע,
ביים טיש — ווייטע סטעפּעס מיט שאַרבנס מיליאָנען,

און ער — אויבענאַן, מיט אַ בליציגן מעסער, —
זיין בלוט-וויין ער טרינקט און ער טרינקט פון די פעסער,
און טענצער זיך דרייען אַרום אים — ציקלאָנען.

נאָר, וועט דען זיין מאַכט אַזוי אייביג געווערן ?
שוין ברעכט זיך אַ וואָלקן, שוין פינקלט אַ שטערן,
און טייוועל ווערט בייזער, עס שרעקט אים זיין ענד שוין...
ער ווייסט : — ס׳וועט דער אויפברוך אויף טאָג אים באַזיגן,
און זון, מיט איר אייביגן, קאָסמישן ניגון,
וועט וועקן צום לעבן דעם ליכטיגן מענשן.

## שלאָף ניט, קינד מיינס...

שלאָף ניט, קינד מיינס, שלאָף ניט,
האַלט די אויגן וואַך, —
זאָל דיין האַס און צאָרן גליען,
ווען די בייזע ראָבן פליען,
איבער אונזער דאַך.

שלאָף ניט, קינד מיינס, שלאָף ניט —
שוואַרצער שטורם-ווינט,
מיט אַ פייער אומגעריכטן,
ערד און הימל צו פאַרניכטן,
יאָגט פון העל אַצינד.

שלאָף ניט, קינד מיינס, שלאָף ניט —
פון לבנה׳ס הויך,
פאַלן שטיקער פייער רויטע,
ליגן בערג און בערג מיט טויטע,
אונטער חורבות... רויך...

שלאָף ניט, קינד מיינס, שלאָף ניט —
בליץ און דונער קראַכט,
און אין קעלער פינסטער-קאַלטן,
מאַמעס — קינדער צו באַהאַלטן —
לויפן איצט, ביינאַכט.

שלאָף ניט, קינד מיינס, שלאָף ניט —
ווײַ איז מיר און ווינד,
אַז אין נאַכט פון טויטע שרעקן,
מוז איך דיך פון חלום וועקן,
אָרעם, אָרעם קינד.

## פאַר אַ ייִנגל, אַכצן יאָר

פאַרגלאָז ביסטו, ייִנגל-מאַן,
ווי אַ הירש, מיט גרינגן שפּאַן,
און אין חלום אויפן וואָר,
דורכגעפלויגן אַכצן יאָר.

קומט אַצינד אַ נייער זמן,
טראָגט ער שטאָל אין זעלנער שפּאַן,
און זיין שריפה-ליאַרעם קלאַנג,
וועקט און שרעקט מיט איין געדאַנק: —

אַז צעצונדן אַ וואולקאַן
האָט דער נאַצי און יאַפּאַן;
שוידערט ערד ביז טיפסטן גרונט,
וועלט גייט אוים פון פייער-וואונד.

איז קיין ברירה ניט פאַראַן, —
רופט דיין לאַנד דעם ייִנגל-מאַן: —
גיי צו קעמפן, ווי אַ העלד,
דו קענסט ראַטעווען די וועלט.

זאָגט דיין לאַנד צום ייִנגל-מאַן: —
נעם מיין פעסטונג-עראָפּלאַן,
נעם מיין מעכטיגסטן געווער,
גיב אַ פלי אין סטראַטאָספער.

ווייל — קיין ברירה ניט פאַראַן,
וועלט מוז פריי זיין פון טיראַן;
און מיין פאָן פון מענשן־רעכט,
זיגען מוז אין דעם געפעכט!

ווען דיין קראַפט, פון יינגל־מאַן,
שלאָגן נאַצי און יאַפּאַן;
איבער דיר — אַ הימעל שיינט,
אונטער דיר — דיין פינסטערער פיינט.

און באַלוינען, יינגל־מאַן,
וועט מיין וואונדערלעכער פלאַן: —
פריי פון זאָרג, אין פרייער וועלט,
דין דיין גאָט — ווי דיר געפעלט.

## צום אומבאַוואוסטען...

ב׳קוק צום אומבאַוואוסטן מאָרגן,
און די אויגן וויינען בלינד: —
אוי, וואָס האַלט ער דאָרט פאַרבאָרגן,
פאַר דער וועלט און פאַר מיין קינד?

אויב אַ צייט, וואָס האַלט אין ווערן,
ירשנ׳ט יענע, וואָס פאַרגייט, —
וויפיל טרויער, וויפיל טרערן,
ליגט שוין היינט פאַר קינדער גרייט?!

וועלכער וועג, אויף וועלט דער ברייטער,
פאַר מיין קינד דער וועג וועט זיין?
וועג — אין פרייהייט אויסגעשפרייטער?
וועג — אין קנעכשאַפט און אין פיין?

וועלן מאָרגן קינדער־אויגן,
שפיגלען הימל זון־באַהעלט?
וועלן, פלייצעלעך געבויגן,
טראָגן אַ צעשטערטע וועלט?

אומרו מיינער, שווערע זאָרגן, —
ווילט זיך מיר אַ נס אַצינד,
ווילט זיך מיר אַ פרייער מאָרגן,
פאַר דער וועלט און פאַר מיין קינד.

# אַזוי וועט עס זיין . . .

אַזוי וועט עס זיין און אַזוי מוז עס זיין,
ביים סוף פון דעם קריג און פון מענטשליכער פיין ; —
ביים סוף פון דער לעצטער, געוואונענער שלאַכט,
וועט אויפגיין די זון אין אַ מיטן ביינאַכט . . .
וועט אויפגיין אַ פרייד, ווי אַ נס אומגעריכט,
פאַרפלייצן די וועלט מיט אַ גוטסקייט און ליכט.
און דו, פריינט, וועסט קוקן, און פרואוון פאַרשטיין,
צי האָט ניט פאַרגעסן די זון צו פאַרגיין . . .
און קוקן וועסטו, פון פאַרוואונדערונג בלאַס,
ווי נייַ וואָלט געווען דיר דיין אייגענע גאַס,
וואו ס'לייכט יעדע שטוב מיט גינגאָלדענע ווענט,
און פרעמדע, ווי ברידער, זיך געבן די הענט . . .
אַזוי וועט עס זיין און עס מוז אַזוי זיין,
ביים סוף פון דעם קריג און פון מענטשליכער פיין.

## אַ קינד האָט גע'חלום'ט...

בנה, אַ זילבעריג-בלייכע,
צום קינד האָט געקוקט אין זיין בעט;
מיט שטראַלן, ווי פעדעמליך ווייכע,
זיין קעפּל, דאָס הייסע, געגלעט.

איז רואיג דאָס קינד איינגעשלאָפן,
מיט זיסן, אומגלויבליכן טרוים;
אים האָט אַזאַ גליק איצט געטראָפן:
זיין פּאַ איז געקומען אַ היים!

אָט, ערשט, האָט דאָס קינד אים געשריבן,
אַ הייסן, אַ האַרציגן בריף, —
אַז אייביג ער וועט אים אַלץ ליבן,
און בענקט איצט נאָך אים אַזוי טיף!

און שוין איז ער פּלוצלונג געקומען,
פון ערגעץ גאָר וייט... פון דער שלאַכט...
ניט אַנדערש, נאָר גאָט האָט פאַרנומען,
די תפילה פון קינד, יעדע נאַכט...

און שיין זענען פּאַפּאַ'ס מעדאַלן!
און האַרציג דערציילט אים זיין העלד —
דערציילט מיט צוויי אויגן וואָס שטראַלן —
אַז פרידן איז שוין אויף דער וועלט.

און—אוים מיט די שונאים געמיינע! —
זאָגט פּאַ און אַ בייזער ער קוקט.
און מער וועלן קינדערלאך קליינע,
ניט ווערן פון חיות פאַרצוקט — — —

און „פעלקער שוין זענען ווי ברידער" —
זאָגט פּאַ מיט אַ זינגענדיג קול
ער זאָגט עס מיט ווערטער פון לידער,
וואָס זינגען אים פלעגט ער אַמאָל...

און ס'פּלאָנטערט דעם קינד'ס זיסער חלום,
און ס'הויבט זיך זיין הערצל פון גליק;
עס פרייט זיך דאָס קינד מיט'ן שלום,
מיט האָבן זיין פּאַפּאַ צוריק!

נאָר — ס'וויינט אַזאַ בלייכע די מאַמע,
ביים בעט פון איר שווער-קראַנקן קינד; —
אַן אומגליק אַ גרויסער, מסתמא,
האָטביידן געטראָפן אַצינד.

ווייל ס'האָט, פון פאַרנעבלטן עיגול,
לבנה געזען אין דער נאַכט:
דעם בריף מיט אַ פינצטערן זיגל,
וואָס טויט האָט פון פּאַפּאַ'ן געבראַכט — — — —

# דער העלד

ר האָט נאָך דער'חלומ'ט אַ חלום פון וויג,
ווען ס'לאַנד האָט געפאָדערט זיין טרייהייט;
ווען ער האָט זיין לעבן געוואָרפן אין קריג —
פאַר היימלאַנד און מענשלעכע פרייהייט.

און זיגרייך איז ער איצט געקומען אַהיים,
דורך דזשאַנגלען און העלישע פלאַמען;
די קליידער פאַרשטויבט מיט פאַרפעסטעטן ליים,
אין האַרצן — די שטורעמס פון ים'ען.

ווי ער האָט באַזיגט אַזאַ ריזיגע מאַכט —
באַגרייפט ניט זיין מענשלעכער שכל;
נאָר וואונדן און ליידן, וואָס ער האָט געבראַכט,
זיי וויינען אַרויס פון זיין שמייכל.

עס וויינט אויך אַרויס פון זיין זיגערישער פרייד,
זיין חבר וואָס „שלאָפט” אין דעם געגנט,
וואו מענש האָט מיט חיות געקעמפט ביז צום טויט,
וואו פייער אויף סדום האָט גערעגנט.

נאָר מענש האָט געזיגט! וואָס-זשע וויל נאָך דער העלד?
וואָס קוקט נאָך אַ זאָרג פון די אויגן,
ווען ס'מבול'ט שוין ניט — און אַ גליקלעכע וועלט
באַלייכט דער „פיל-פאַרביגער בויגן”?...

מיינט אפשר פאַר אים יענער הימעלשער גלי:
אַן אָנזאָג אויף קאַמף נאָך אַ שווערן —
אַ קאַמף פאַר די פרוכט פון זיין בלוטיגער מי —
וואָס דאַרף נאָך געוואונען ערשט ווערן?

## דו וועסט מיך ניט פאַרטיליגן...

דו וועסט מיך ניט פאַרטיליגן פון גרויסער ערד'ס געזיכט,
ניט אויסוואָרצלען די קערנער מיינע פון דער מענשן־וועלט.
איז וואָס, ווען אויף אַ ווײַלע האָסטו מיר די זון פאַרשטעלט —
דיין סוף, ער קומט דאָך באַלד! ווי קומען מוז, עס מוז, דאָס ליכט.

און שפּריצן גיפט די בלוט־דורשטיגע דיינע הענט, אָקטאָפּ;
און שפּרייטסטו טײַפעל־נעצן איבער לענדער, איבער ים, —
מיין קללה, ווי אַ בליץ־פֿייל, אָנגעזאָפּט מיט געגן־סם,
זי צינדט דיין בלוט מיט טויט, און שטויסט צו אָפּגרונט דיך אַראָפּ.

אָט, נאָך אַ ווײַלע, און אין גרוב וועט פוילן דיין געביין.
און ביים צעקאָפּענס דיינעם, שטאָלץ וועל איך, דיין קרבן, שטעהן,
אין שווערן פיין געלייטערט, און מיט נצחון זאַט.

און ווידער גיין מיין וועג פון שווערער מיה אויף יעדן פעלד,
און קערנער מיינע ליכטיגע צעזייען אויף דער וועלט,
אַז ווײַטע מענשן־דורות באַגליקן זאָל מיין טאַט.

# אין אָרעמער ענגשאַפט

צו אַ זיס מיידעלע ביי דער פּיאַנאָ

ווי דאָס גינגאָלד אָן אַ שיעור,
אין אַ טיפער הייל געפאַנגען,
ליגן, קינד, אין דיין קלאַוויר,
די נשמות פון געזאַנגען.

רירסטו זיינע סטרונעס אָן
מיט די פינגערלעך די זיסע,
שוועבט אַ ליד מיט העלן טאָן,
ווי אַ פויגעלע פון תפיסה.

אָבער ענג איז אין דיין היים;
אָרעם, פינסטער איז דער גאָרן;
וויינט ער אָפט אין זיך געהיים,
קרעכצט אויף זיינע אַלטע יאָרן...

דרינדזשעט אָפט אַ סטרונע שטיל,
שוואַך, תחנונים'דיק, זי זשומעט:
— האָב רחמנות, קינד, און שפּיל,
אויסגיין לאָז מיך ניט אין אומעט.

שפּיל, מיין קינד, פאַרזוך די פּראַכט,
פון די זוניג-ברייטע רוימען,
ווען אַ מענדעלסאָן, אַ באַך,
וועט באַפליגלען דיינע טרוימען.

מיט בעטהאָוועך ביי דיין זייט,
יאָג זיך איבער די קלאַווישען,
וועט אַ ווינטעלע פון ווייט,
דיין בלייך פּנים׳ל דערפרישען.

מעג דיין מאַמען זיין גאָר פרעמד,
וואָס „אַנדאַנטע״ קאָן דאָרט מיינען, —
אָך, דאָס האַרץ וואָס איז פאַרקלעמט,
קען זיך אויך דערביי אויסוויינען...

און אויב „קוקן ווי אַ האָן״
אין דיין „סידור״ וועט דיין טאַטע,
ברומען „מבינ׳דיג״ אַ טאָן,
פון דער האַרציגער „סאָנאַטע״,—

זאָל ער! ווייל באַרוישט פון גליק,
פון זיין קינד׳ס נגונים פיינע,
וועט ער טרוימען אין פאַבריק,
פון אַ שיינער צוקונפט דיינע.

# אין שאַפּ

עס רעגנט. אין שאַפּ איז האַלב־טונקל
און רויכיג, פאַרשטיקט — גאָר אַ שרעק!
פיר שווייגענדע שורות מאַשינען
אָן ווערטער זיך סוד'ען: „ס'איז כלעק"!

און ס'דאַכט זיך: אויף פינצטערע פליגלען,
דער „סוד" פליט אין שאַפּ דאָ אַרום,
און פּחד ער וואַרפט אויף די „נייערס",
וואָס זיצן פאַר'דאגה'ט און שטום,

און וואַרטן אויף עפּעס אַ וואונדער,
פון אָנהויב ביז ענד פון דער וואָך,
און שעלטן זייער ברויטלאָזע פרייהייט,
און בעטן אויף זיך שוין דעם יאָך...

און ס'רעגנט און פינצטערער ווערט אַלץ,
און לאַנג יעדע שעה איז — אַ יאָר;
די ווענט, די מאַשינען, די שטילקייט,
שוין זינגען אַ לידל אין כאָר:

— ס'איז נוצלאָז, אומזיסט אייער וואַרטן
אויף אַרבעט כאָטש איינציגן „שטאָך"...
איצט גייט איבער גאַסן זיך בלאָנקען...
צום הונגער געוואוינט זענט איר דאָך! — — — —

דאָך פונקט ווי אַ שאַרף־קאַלטער מעסער,
אין הערצער דאָס „ליד" דרינגט אַריין,
און וועקט אויף די שווערסטע מחשבות,
יסורים פון הילפלאָזן פיין.

און ס׳רוקט זיך אַ שאָטן, אַ בלייכער,
צום פענצטער און קוקט אויף דער גאַס ;
דאָרט מבול׳ט אַ שניי מיט אַ רעגן,
און שמייסט אין די שויבן מיט כעס.

און ס׳וועקט זיך אין אים אַ מחשבה :
דאָס פענצטער צועפענען ברייט —
פאַרמאַכן די אויגן, אַ שפּרונג טאָן —
און מאַכן אַ סוף זאָל דער טויט !

נאָר באַלד — און זיין האַרץ טוט אַ ציטער,
נאָך בלייכער דאָס פנים זיינס ווערט :
דאָס וויינען פון ווייב און די קינדער,
אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער הערט — — —

ער שטייט און באַטראַכט די מאַשינען,
ווי רואיג זיי זענען און שוואַרץ,
ווי ס׳וואָלט דאָרט קיין צער ניט באַוועגן
כאָטש איינער׳ס באַוועגלאָזע האַרץ.

ווי ס׳וואָלטן די „קעפּ" ניט געטראַכט גאָר,
וואו נעמט מען אַ קונא אויף הענט,

די חובות אין קראַם צו באַצאָלן,
דערוואַרעמען קאַלטע פיר ווענט . . .

ער האָט מיט די טויטע מאַשינען
בשותפות געאַרבעט גאָר שווער ;
אַ היים איז פאַר זיי דאַ פאַראַנען . . .
און וואָס פאַר זיין אַרבעט האָט ער ?

און וואָס מער ער טראַכט פון זיין מזל,
אַלץ קלאָרער עס ווערט אים אין זין —
אַז עפּעס געטאָן מוז אויך ווערן,
פאַר'ן מענטש ביי דעם ראָד פון מאַשין ! — — — —

# נו, איז ער דיין קנעכט...

נו, איז דיין קנעכט מיט אַ האַרב אויף זיין רוקן,
נו, לעבט ער, ווייל ס'פעלט אים צו שטאַרבן דער מוט;
נאָר צווינגסטו אים דווקא פאַר דיר זיך צו בוקן,
איז ער דאָך אַ מענטש און עס יאָמערט זיין בלוט.

ווי נאַריש דו מיינסט אַז דו קענסט אים פאַרניכטן,
מיט זאָגן איין וואָרט בלויז, אַ שטריינגס און אַ קאַלטס;
דיין וואָרט קען אַמאָל מיט אַ פלאַם אומגעריכטן,
פאַר'שרפה'ן דיך זעלבסט, מיט דיין הערשאַפט, מיט אַלץ...

וואָס קומט דיר אַרוים אַז ער שטייט שוין געבויגן,
און וויל ביי דיר בעטלען, און ווייסט דאָך ניט ווי —
אַז אין די שוואַרצאַפּלען פון זיינע צוויי אויגן,
עס ברענט די נקמה מיט העלישן גלי;

אַז אונטער זיין ווייכינקער, הינטישער חניפה,
איז מענטשליך-באַליידיגטע ווירדע פאַראַן,
וואָס רייסט זיך אַרויף פון די אָפּגרונטן טיפע,
ווי אונטער דעם ים אַ פאַרשטיקטער וואולקאַן?

אַט, וואַקסט ער אַ ריז מיט אַ שטאָלענעם רוקן,
וואָס וועט איבערבויען די וועלט מיט זיין בלוט;
און צווינגסטו אַ ריז פאַר אַ קאַרליק זיך בוקן,
ניט האָב קיין פאַראיבל אויף דעם וואָס ער טוט.

## באַגינען...

באַגינען — אַ קלאָרער אַ מילדער;
עס עפנט די אויגן דער טאָג.
און איך — אין אַ מאסן-געפילדער —
איך לויף שוין, איך שטופּ זיך, און יאָג.

ווער טרייבט מיך אַזוי אין באַגינען,
ווען ס'שלאָפט נאָך אין מיר יעדער גליד?
וואָס אייל איך זיך דאָרט צו געפינען —
אין ברויזיג-צוקאָכטן יאַריד?

עס ציען זיך מאַסן צו שעפּער,
געטריבן פון ביטש פון דער נויט;
אויך איך — מיט פאַראומערטע שטעפּער —
איך גיי דאָרט געפינען מיין ברויט.

אין אָוונט, ביים טיש, אַזאַ מידער,
איך הער נאָך דעם זשום פון מאַשין,
און כ'פאַל אויף מיין בעט באַלד אַנידער,
צו טראַכטן, דערטראַכטן אַ זין...

און ווידער אַ פריער באַגינען,
און כ'שטופּ זיך שוין ווידער און יאָג,
און שווער איז די פרייד צו געפינען,
פיל לייכטער — דעם נעכטיגן טאָג...

# אין תפיסה

ווען ס׳לייכט אַריין אין תפיסה,
די זון איר העלן שיין,
און טרינקט מיך אָן מיט וויין,
פון הימל־קוואַלן זיסע, —
מיין שווערע זאָרג און פיין,
ווי נעבל זיך צופליסן,
און ס׳האַרץ אין מיר לאָזט וויסן,
אַז אַלץ וועט גוט נאָך זיין.

און יעדן מענטש אַרום מיר —
מיט ווערטער ליב און שטיל,
דערפרייען היינט איך וויל,
דערלייכטערן זיין אומער,
זיין שווערן האַרבסט־געפיל, —
אַז אין זיין גרוב דער שטומער
זאָל לאַכן יונגער זומער,
מיט זיסע טרוימען פיל.

און זאָגן ווילט זיך: ברידער!
הערט אוים מיין טרייסט־פול ליד: —
אַ בוים וואָס האָט פאַרבליט,
ער קאָן נאָך בליען ווידער;

און דער וואָס היינט איז מיד
ניט שטענדיג בלייבט אַ מידער;
עס שטאַרקן זיך די גלידער
ווען ס'האַרץ פול גלויבן גליט!

נאָר ווען די זון פאַרדעקן,
די וואָלקנס שווער און דיק,
און פאַר מיין פייכטן בליק,
עס שוועבן שוואַרצע פלעקן,
האַן קערן זיך צוריק,
מיין זאָרג און מיינע שרעקן,
און חוזק'דיג פאַרמעקן,
דאָס זיס גע'חלום'ט גליק.

# „עללען סטריט"

בריקן פון פינצטערע שטאַנגען,
באַנען — צעווילדעטע שלאַנגען
טאַנצן דער גאַס אויפ׳ן קאָפּ...
מאַנסטער נאָך מאַנסטער זיך יאָגן,
זינגען פון וואַנזין און קלאָגן,
שפּייען מיט פונקען אַראָפּ...

איינס אויף דעם צווייטען פאַרמויערט,
איינס אויפ׳ן צווייטען פאַרטרויערט,
קוקן די הייזער ווי בלינד...
(ערגעץ — אַ זון און אַ הימל...)
פינסטער איז דאָ, אַ געטימל,
קרעכצן: פאַר וואָסערע זינד?

מענטשן געשפּאַנטע אין וועגן...
דריי לויפן איינעם אנטקעגן:
„קויף! די מציאה איז גרויס!"
(ערגעץ — אַ נאַכטיגאַל... רויזן...)
בלאַסע און ווערים דאָרט פויזען,
מער׳ן זיך... פּגר׳ן אויס...

קינדער — פון גאַס נאָר דערצויגן;
קראַנק־מעלאַנכאָלישע אויגן,
פנים׳ליך אַלט און פאַרגעלט.
(ערגעץ — אַ מאַי־קראַנץ פון קינדער...)
ס׳וואַנדלען גלגולים פון זינדער
אויף אַ משוגענער וועלט!

# מאַמע און קינד

מאַמע קום מיט מיר אין קראָם,
קויף אַ שפּילעכל מיר דאָרט,
תּמיד נאָר דו זאָגסט מיר צו...
פאַרוואָס האַלטסטו ניט קיין וואָרט?
ווייסט ניט, אפשר, וואו די קראָם?
איך וועל ווייזן דיר אַוואו — —
— אױ, מיין קינד, ווי מיד איך בין...
שווייג אַ ווײַלע... לאָז צורו.

ווידער מיד? איז גוט פאַר דיר!
וויפיל מאָל איך וויין און זאָג:
גיי נישט היינט אַוועק אין שאָפּ,
שפּיל מיט מיר אַ גאַנצן טאָג...
פאָלגסטו ניט — איז גוט פאַר דיר!
ס'איז מיר אומעטיג אַליין — — —
— אױ, מיין קינד, דו רעדסט צופיל,
לאָמיר בעסער שלאָפן גיין.

שלאָפן גיין אַזוי פאַר-פרי?
ס'איז די קראָם נאָך נישט פאַרמאַכט,
און די זיסע צאַצקעליך
מוז איך זאָגן אַ גוט-נאַכט!

קום־זשע, מאַ, זיי וואַרטן דאָרט,
אין די שאַפּעס אויסגעשטעלט — —
— אַי, מיין אָרעם, אָרעם קינד,
כ׳האָב דאָך ניט קיין פּעני געלט.

האָסט קיין געלט? ווי קאָן דאָס זיין,
זאָגסט דאָך תמיד ווען איך וויין,
אַז אין שאַפּ אַריין פאַר מיר,
געלט פאַרדינען מוזטו גיין.
וואו־זשע איז דאָס געלט, אַוואו?
האָסט פאַרלוירן עס, צי וואָס?
— אַי, מיין קינד, ניט רעג מיך אויף,
גיי און פרעג מיין באַלעבאָס!

„פּאָני” ווערטער רעדסטו, מאַ,
און אַ בייזע ביזטו היינט,
און קיין שפּילכל קויפסטו נישט,
האָסטו מיך שוין, אפשר, פיינט?
וועל איך טאַקע דיך ניט מער
קושן פאַרן שלאָפן גיין, —
נאָר פאַרוואָס־זשע ווינסטו, האַ?
— אַי, מיין קינד, וועסט ניט פאַרשטיין.

# דער נביא
## דעבס׳ן

אָון וואהנזיניג זיינט איהר פון אייער מאַכט געוואָרן.
און ווי אַ טשאַטע וועלף אין אומגעצוימטן צאָרן
זענט איהר באַפאלן מיך — אייך שטעכענדיגן דארן —
ווי גרוים איז אייער האַס צו מיר,
און אייער שרעק נאָך גרעסער!
איהר ווייסט:
איך בין דער ברענענדיגער „סנה" אין אייער מדבר...
אייך שרעקט:
מיין גרויסער טרוים וואָס כ׳טראָג אין הארצן,
מיין העלער טרוים,
וואָס פון די אויגן מיינע שטראַלט זיין ליכט אַרוים,
און רייסט די נאַכט אַדורך,
און כ׳זעה ווייט-ווייט פאָראויס.
ווי אין דעם שוים
פון רויטן נעבעל-תהום
פון בלוט און טרערן,
געבוירן ווערט אַ נייע וועלט,
א פינקעלדיגער שטערן — — — —

מיין טרוים, מיין טרוים, ער איז אייך טיעף דערווידער.
און פאר די „טמא" מיינע לידער —
עס פוילן איצטער מיינע גלידער,
אין אַ פאַרמאַכטן „זאק פון שטיין,"

אליין —
ווי כ׳וואָלט א קרעציגער געווען!

דאָך דורך די פינסטער־דיקע ווענט
איך קען אייך זען —
ווי קליין
און עקעלהאַפט איהר זענט,
מיט אייערע קצבים־הענט,
מיט לאַנגע נעגל, שאַרפע העק,
און אויף די שטערנס — קין׳ס פלעק...
און דורך די פינסטער־טויבע ווענט
איך הער אין אייער ווערטער קלאַנג
דאָס שיפען פון א שלאַנג —

איך זעה: —
אַרום אַן אומגעהויער גרויסן ראד
וואָס דרייט פאַראויס זיך אַזוי גיך
האָט איר פאַרזאַמלט זיך...
און פנים׳ער צוקרימט, מיט פחד׳יגן בליק
איר קלערט און זוכט דעם טיפן סוד:
ווי ס׳ראד צו דרעהן צוריק!

און ביי דעם קראַטער פון צעווילדעטן וואולקאַן
וואָס שפייט מיט לאַוואַ רויט און שוואַרץ
האָט איר ווי ווערעם זיך פאַרזאַמלט,
און יעדער האַלט אַ קליינע קאַן
און וואַסער שפריצט איר אין זיין האַרץ...

און ביי דעם ברעג פון אומרוהיגן ים,
ווען שטורם-פייגל זיינען זינגענדיג געפלויגן,
האָט איר פאַרזאַמלט זיך...
און קלוג באַשלאָסן: מיט'ן זאַמד
צו פאַרשיטן אים די אויגן...
— — — — — — — — — — — — — — —
אָ, טפשים! הערט מיין ווארנונג אוים;
מיין נביא-וואָרט זאָלט איר געדענקן:
עס וועט דער ים אין ווילד-געברויז
פון זיינע ברעגעס באלד אַרוים,
און אייך אין תהום אריין פאַרשווענקן!

און פון דער לאַוואַ אויסגעברענט
עס וועלן אייערע סליאדעס ווערן.
און פון דעם קראַך פון אט די ווענט,
און פון אייער פוילן פונדאַמענט,
דערשרעקן וועלן זיך די שטערן!

און ס'וועט א מבול-גוס די ערד
ארום וואשן געטריי און ציכטיג,
פון אַלץ וואָס האָט די זון פאַרשטעלט...
און וואַנדערן פון וועלט צו וועלט
וועט דאן גאָט'ס וואָרט: „זאָל ווערן ליכטיג!" —

# ליכט

ס׳איז ערגעץ פאַראַנען אַ ליכט אַ פאַרבאָרגנס,
קאָליר־רייך און מילד, ווי די זון אין פרי־מאָרגנס,
באַלויכט עס די שווערע, די זאַמדיגע וועגן,
פאַר יענעם וואָס שטעלט זיך דעם שלעכטן אַנטקעגן,
און גרייט פאַר׳ן יושר צו גיין אין געפאַר,
און מאָנט ניט פאַר זיך קיין באַלוינונג דערפאַר.

דאָך וואוינט ניט דאָס ליכט אין די הימלישע הויכן,
וואוהין בלויז דער דמיון פון גאון קען גרייכן,
ס׳איז דאָ, אויף דער ערד, אין די הערצער פון מענטשן,
וואָס קענען אי לאַכן און וויינען און בענטשן,
נאָר תמיד זיי שפירן אין בלוט דאָס געזאַנג,
פון עפּעס אַן אייביגן, ווייטן פאַרלאַנג — — —

ס׳איז ערגעץ פאַראַנען אַ ליכט אַ פאַרבאָרגנס,
קאָליר־רייך און מילד, ווי די זון אין פרי־מאָרגנס,
דאָס ליכט איז אין הערצער מיט ליבע פאַרבאָרגן,
אין אויגן מיט גוטסקייט, רחמנות און זאָרגן,
און שטאַרקונג און טרייסט איז זיין יעטווידער שטראַל —
זיין נאָמען איז הייליג, עס הייסט — אידעאַל!

און שניידסט זיך דיין וועג דורך אַ ים פון טומאַנען,
איז גוט ווען דאָס ליכט איז אין האַרצן פאַראַנען,
די הייליגע, טרייסטנדע, ציטערדיגע שטראַלן,
זיי וועלן דיך פירן, פאַרהיטן פון פאַלן,
נאָר אויב אין דיין האַרצן איז ליידיג און גראָ,
איז דעמאָלט קיין רעטונג אין ערגעץ נישטאָ!

# נאָקטורן

פון לענדער טונקעלע געקומען איז די נאַכט,
און מוטערליך די אויגן מיינע צוגעמאַכט,
און וואונדערליכע טרוימען,
זי האָט באַפרייט פון זייערע צוימען,
און שטילערהייד,
זיין האָבן זיך ארום מיין קאָפּ געדרייט
ווי ווייסע בענקענדיגע טויבן,
און אויף די פליגלען גאָלדיג-ווייך,
מיך לייכט פון בעט דאַן אויפגעהויבן,
אַזוי הויך, אַזוי הויך,
און איבער ווייטע, ווייטע ים׳ען,
און הויכע סקאַלעס און תהום׳ען,
ווי אַ פייל געיאָגט פון כשוף,
האָב איך געשוועבט.
און כ׳האָב געזען אָפּט אין דער נידער:
לענדער וויסטע, חרוב׳ע,
איינגעהילט אין דיקן רויך,
געלעקט פון רויטע פייערדיגע צונגען,
און אויף אַלע פעלדער, וועגען
טאַנצן מחנות מענטש-סקעלעטן
מיט די אויגן-לעכער ליידיג
אויסגעהוילטע ריפּן ביינער,
ליפּנלאָז-פאַרקלעמטע ציינער,
און מיט דראָענדיגע פויסטן

טאַנצן זיי אין טיפע לוזשעס
שטינקענדיגן שוואַרצן בלוט...
און פעסטער האָב איך מיינע אויגן צוגעמאַכט,
און בלויז געהערט,
ווי ס׳קרעכצט די קראַנקע, מידע ערד,
און ס׳אָטעמט שווער די נאַכט.

און ווייטער, ווייטער מיינע פליגלען שוועבן.
און אָט בין איך אין וואונדערלאַנד —
אַ לאַנד, מיר פרעמד און דאָך באַקאַנט,
די מענטשן דאָ — ווי ברידערליך זיי לעבן!
און מיט אַ פולער האַנט,
האָט גאָט זיין ברכה זיי געגעבן
און ס׳ווערט דאָס לאַנד רעגירט:
פון ליבע און פאַרשטאַנד...
און ס׳איז אַ־עדנס הארץ פון גינגאָלד ריינער.
פון ברודער־מאָרד האָט קיינער ניט געהערט.
זייט לאַנג שוין איז אַ סערפּ געמאַכט פון שווערד,
און טעמפּלען אויפגעבויט פון אַלע בייזע שטיינער,
און אויף דער גוטער, שוואַרצער ערד,
אַ ליבע היים האָט יעדער איינער.
און פולע שייערס שטייען, און פעלדער גרינען,
און אויף די בוימער — גאָלדענע פרוכט; —
ווער ס׳האָט איין פרי נאָר פאַרזוכט,
אַ זיסן חלום וועט ער שפינען,
און וואָס ער וויל און זוכט,
ער וועט געפינען.

אונ אויסגעשטרעקט האָב איך די הענט פאַרשמאַכט;
איין פרי כאַטש! — האָב איך געטראַכט.
נאָר ווי פון גרויס געוויטער,
האָט ס'הארץ געטאָן אַ ציטער,
און כ'האָב דערוואַכט!

# צום אַרבעטער

נאָך שאַרלאָט גילמאַן

דו וואָס שפּייזט און קליידסט די וועלט,
וואָס בויסט די וועלט און ביזט די וועלט,
ווי פּאַסט דיין טענה צו דער וועלט,
אַז ווערסט באַ׳גזלנ׳ט און פאַרפירט?
אָ, ווען דיין מאַכט
וואָלסט גוט באַטראַכט,
דו וואָלסט אַליין דיין וועלט רעגירט.

אָט, זע דיין האַנט, דיין ריזן־האַנט —
עס הענגט די וועלט דאָך אויף דיין האַנט,
די גאַנצע וועלט איז אין דיין האַנט,
און ווי דו פורעמסט זי — גיב אַכט.
ווייל גוט, גערעכט,
צי פינסטער, שלעכט,
זי איז, ווי דו האָסט זי געמאַכט.

טאַ הויב דיין האַנט, ווי נאָך קיינמאָל,
און גלויב אין זיך, ווי נאָך קיינמאָל,
און מיט דיין קראַפט, ווי נאָך קיינמאָל,
באַווייז וואָס אויפטאָן איצט קענסטו.
אויף בלוטיג פעלד,
באַפריי דיין וועלט,
אָ. קעמף און גלויב, און נעם או טו.

# צו אַ בעטלער...

גאַנץ פרי, פאַרנאַכט און מיטאָג־שטונד,
פאַרשטעלסטו מיר די וועגן,
און אומפאַרשעמט דיין מיאוס'ע וואונד,
דו טראָגסט מיר גלייך אַנטקעגן.

וואָס וויל פון מיר דיין טויטע האַנט,
וואָס כ'קען אויף איר ניט קוקן?
ווי קען אַ מענטש אַזוי אַן שאַנד,
טאָג איין, טאָג אויס זיך בוקן?

ווי פלינק דו שטעלסט די „האַנט" אַרויס,
מיין מיטלייד צו דערוועקן,
דאָך פול מאַראַכטונג שפּיי איך אויס,
און כ'נעם מיך עפּעס שרעקן...

מיר דאַכט — אָט ציט די האַנט זיך אויס
מיין האַלז אַרום צו נעמען...
ביזטו ניט שטן'ס ווערקצייג בלויז,
דעם מענטשן צו פאַרשעמען?

געהערט האָב איך, ביזט גאָר אַ גביר,
און פירסט אַ הויז בהרחבה,
נאָר האָסט דערפילט אַ סענט ביי מיר,
איז בעטסטו אַ נדבה — — —

טאַ, הויב-זשע, בעטלער, אויף דעם קאָפּ,
די מיאוס׳ע וואונד פאַרוויקל,
און כ׳גיב מיין לעצט פאַרמעג דיר אָפּ,
דו זעסט ? אַ גאַנצן „ניקל״ ! — — —

## דער מענטש — גאָטס טרער...

איך גלויב ניט, בורא, אַז פון ליים,
ווי דיינע חיות, ווילדע אַפן,
דו האָסט דעם מענטש — דיין שענסטן טרוים,
דיין אייגן אָפּשפּיגלונג — באַשאַפן.

דען ווי וואָלט ער פון גולם־שטאַף
געבראַכט מיט זיך אַזוי פיל וואונדער,
און אויך זיין אייגן שכר און שטראַף,
פאַר יעדן קער און ריר באַזונדער.

נאַר גאָט! געווים האָט דאָך דיין אויג,
פאַראוים געזען זיין ביטער לעבן —
זיין שווערן קאַמף, זיין מאַכט־געיעג,
זיין ברודער־מאָרד, זיין געטליך שטרעבן,

זיין יעדע שוואַכקייט, יעדע זינד,
פון ערשטן טאָג ביז זיין ניט־ווערן —
און אויסגעוויינט דו האָסט דיין קינד,
פון קוואַל דיין געטליכן פון טרערן...

איז מענטשהייט היינט — דיין טרערנ־ים;
אַ מענטש — דיין טרער, פון דיר אַ חלק,
אין ס'רינט די טרער צום וויטן שטאַם...
אַ מידע, זינדיגע, און — הייליק.

## אַ בוך איז דאָס לעבן...

אַ בוך איז דאָס לעבן, געשריבן פון געטער,
געגעבן צום מענטש — וואָס האָט געטער באַשאַפן,
אַז לערנען זאָל חכמה דאָס „קינד פון די אַפן",
און טאַפּן זיין וועג צום „פאַרזיגלטן שפּעטער"...

אַ בוך איז דאָס לעבן, נאָר מענטש קאָן ניט לייענען
די האַנטשריפט פון געטער, אַן ביטערע גרייזן...
וואו ס'קאָן יעדער שטריך צוויי הפכים באַווייזן,
מיט ביטער געלעכטער און זיסע געוויינען...

אַ בוך איז דאָס לעבן מיט זין אַ פאַרשטעלטן,
וואו אמת'ן אינהאַלט איז שווער צו געפינען,
אָט, דאַכט זיך: ס'איז קלוג; און באַלד: ס'האָט קיין זינען;
אָט, ווילסטו עס בענטשן און — ביטער פאַרשעלטן!

# ערד...

ווי אַ מכשפה אין איר טאַנץ,
דו דרייסט זיך, ערד, אַרום דער זון,
פון שטראַלן פלעכסטו זיך אַ קראַנץ,
נאָר העלער ווערסטו ניט דערפון.

און יאָרן, יאָרן אָן אַ צאָל,
עס שטראָמט אויף דיר דאָס גוטע ליכט,
נאָר ס'איז דיין מענטשנ'ס טרערן-טאָל,
ניט טרוקן נאָך אויף דיין געזיכט.

איז רעכט פון דיר, דו, מאַמע-ערד,
אליין געניסן זונען-שיין,
ווען ס'איז דיין מענטשן-קינד באַשערט,
צו פינצטערן אין לעבנס-פיין ?

געדענק ! עס וועט אַמאָל געשען,
ווען דו — באַדעקט מיט מאָרד און רויב —
וועסט אין אַ וויסטעניש פאַרגיין,
און ווערן נאָר אַביסל שטויב !

## צום הימל...

שפּרייט אַן אָדלער אויס די פליגלען
און ער רופט:
טרייע פליגלען מיינע, טראָגט מיך
הויך אין לופט.

ביז צום האַרץ פון טיפן־בלאָען
הימל שוועבט,
וואו דער אָדלער פרייער אָטעמט,
גליקליך לעבט!

נימאס איז מיר שוין דאָס לעבן
אין דעם זומפּ,
וואו די שוואַרצע קראָען קראַקען,
קראַקען דומפּ.

דאָרט וועל איך מיר פליגלען שפּרייטן,
פריי, אליין,
און דעם גאַנג פון גאָלדענע שטערן,
אייביג זען.

און געפלויגן איז ער יאָרן,
אַלץ ארויף,
און דערוואוסט זיך: ס'האָט דער הימל
גאַר קיין סוף.

איז ער דאָרט פון ערד און הימל
ווייט געווען,
און דערפילט וואָס הייסט זיין עלנד,
זיין אליין.

און ניט איינמאָל האָט געבלוטיגט
ס'יונגע האַרץ,
ווען ער האָט באַגעגנט שטערן —
קאַלט און שוואַרץ...

ניט גערוט האָט דאָך דער אָדלער,
ניט גערוט,
נאָר געפלויגען, כאָטש געפרוירן
האָט זיין בלוט.

ווייל א שטים האָט דאָרט דערגרייכט אים,
און דאָס וואָרט:
בעסער פריי צו שטאַרבן, איידער —
לעבן דאָרט...

# „וואָלגאַ"...

איך ווייס ניט, שכן, ווער דו ביזט,
אַ וואַנט, אַ פרעמדע, אונז צעשייט...
נאָר ווען דו ציסט
די „וואָלגאַ" טענער אויף דיין פלייט,
מיין האַרץ פון אומעט שיער צוגייט.

איך טראַכט: אַ פרעמדער ביזטו מיר,
וואָס האָב איך מיט דיין ליד צו טאָן?
כ'פאַרהאַקט די טיר —
נאָר פול מיט וויי איז יעדער טאָן,
די טיפסטע סטרונעס רירט ער אָן.

און ווען די נאַכט שוין רוט אין פריד,
שטיל, איינגעוויגט אין וויכן שוים, —
דו ציסט דיין ליד,
און כשופ'סט בלאָע סטעפעס אוים,
און דאָרט — די וואָלגאַ מעכטיג־גרוים.

די באָרזשעס גייען... גייען וואו,
אַ זעגל קושט דעם הימל'ס זוים,
און איך און דו,
געריררט מיר שטייען דאָרט ביים תהום,
פון וואָלגאַ'ס טרערן און — איר טרוים...

# א בריוו

אוי, ברודער מיינער, ברודער, אין מיין אלטער היים —
ווי לעבט זיך פארט דיר? אלץ פארבארגסטו שטריינג, געהיים,
גלייך עמיץ וואלט דיין מויל פארזיגלט מיט א שלאס,
אז שטארבן זאל דאס ליבשאפט אונזערס, פון פארדראס...
ווי לאנג שוין אונז צושיידן לענדער, ים און צייט!
און בלויז א גרוס פון דיר איך קריג — דורך פרעמדע לייט.
און איינער זאגט, ביזט רייך און זאט און ס'בליט דיין זעקסטל ערד;
א צווייטער זאגט — דערשלאגן, הונגעריק, צעשטערט...
אט, קלינגט א גרוס — ביזט פריי; אט הער איך — ביזט קנעכט.
די רעטעניש איז טיף און פלאגט מיך טעג און נעכט.
ווי קאן דאס זיין געמאלט — דער פרייער איז פארשקלאפט?
און ס'הונגערט — ער אליין, וואס הערשט און וואונדער שאפט?
אוי, ברודער מיינער, ברודער, ווייט מיר זיינען, ווייט,
און בלויז א גרוס פון דיר איך קריג — דורך פרעמדע לייט.
איז ווער קען וויסן וואס דארט ליגט אין פרעמדנ'ס מיין,
צי דעקט ניט צו זיין פריינדשאפט גאר א שארפן שטיין.
נאר טרויעריק טראכט זיך מיר פון דיר, מיט פורכט, פארדאכט;
און פאר מיין זינדיק צווייפלען, כ'ווער דיין פיינט באטראכט!
נאר זיכער זאגט דיין הארץ דיר, כ'קאן דיין פיינט ניט זיין,
דען מיך אליין דריקט שווער די קייט און הונגער-פיין.
א, בעסער וואלסטו שוין צו מיר גערעט אליין —
און אין א שפראך איך זאל דיך קלאר פארשטיין.
אויב גוט איז דיר, דערצייל דיין פרייד מיר ניט פארשטעלט;
אויב שלעכט — דערלאנג א זעץ אז ציטערן זאל די וועלט!

## דער אָנקום פון פרילינג

פון ליכטיגע, וואַרעמע לענדער,
האָט פרילינג צו אונז זיך געקערט,
און באַלד, פון דעם ווינטערס אַכזריות,
באַפרייט אונזער אָרעמע ערד.

אָט, הייסט ער דער זון שיינען העלער,
דעם הימל — זיך פאַרבן טיף-בלאָ;
פון שניי-וואָלקנס, שטורעמס, און קעלטן —
קיין סימן פון זיי שוין נישטאָ!

באַדעקט שוין דאָס גרינ-גראָז די פעלדער,
אַ זינג-פויגל פרופט אויס זיין קעיל...
דאָס קראָליקל טאַנצט אַ פאַרליבטער,
ער קריכט שוין אַרויס פון זיין הייל.

שוין זינגט זיך דער היישעריק זיין לידל;
די בינען פאַרלאָזן דעם שטאָק: —
„שוין צייט זיך אָנעם טאָן צום האָניק,
וואָס טריפט מיט גרינ-גאָלדענעם 'סאָק'"!...

און בלאָ, איינגעהילט אין זיין ווירעך,
דער וואַלד רופט מיט גדלות צו זיך:
— „קוקט אָן מיינע קנאָספיגע צווייגען!
מיין סאַמעט-געוועבטן טעפיך"!

באַטראַכט נאָר, אַקאָרשט, די „פּיאַלקעס",
די צאַרט-בלאָע בלימליך זעט נאָר!
דערמאָנען זיי אייך ניט די קינדהייט,
ווען חלומ'ען איר פלעגט אויפ'ן וואָר?

און אפשר דערמאָנען זיי צייטן,
ווען איר האָט אין וואַלד אומגעשטערט,
צעקלונגען דאָס יונגע געלעכטער,
ביז ס'האָבן אייך פויגל דערהערט,

און באַלד אייך געגעבן אַן ענטפער,
מיט האַרציגער וואַלד-סימפאָניע;
דער ווינט האָט פאַרהאַלטן זיין אָטעם —
ניט שטערן נאַטור'ס האַרמאָניע.

און איר האָט געפילט ווי באַטרונקען,
פון פרילינג פול ליבע און לוסט,
און קלייבנדיג בלאָע פּיאַלקעס,
פאַרקראַכן טיף-טיף אין אַ קוסט — — — —

אָ, פרילינג, מיין גאַסט פון מרחקים,
ווי ליב איז דיין קומען צוריק,
מיט צוזאָג-מתנות — פאַר מאָרגן,
מיט אויפלעב — פון נעכטיגן גליק.

## ביינאַכט אויפ׳ן האָדסאָן

עס וויגט און בויגט זיך די שיף ווי אַ וויגל,
און אַקערט מיט שטאָלצקייט דעם טייך;
דער הימל זיך זעט אין זיין זילבערנעם שפּיגל,
מיט שטערן פאַרפּוצט אַזוי רייך.

עס וויגט זיך די שיף. און פאַר׳חלום׳טע מענטשן
מיד, זינגענדיג וויגן זיך מיט, —
אַזוי פלעגט מיין טאַטע ביים שבת־טיש בענטשן,
זיך וויגן און „ציקלען״ זיין ליד...

עס וויגט זיך די שיף און די שטערנדליך פלאַמען,
און בשמים פון וויים ברענגט דער ווינט,
איך שלים מיינע אויגן — אין שוים ביי מיין מאַמען,
איך וויג זיך — איך בין נאָך אַ קינד.

אַ קינד בין איך נאָך און אַ שטיפער — פון מאָרגן
איך טראַכט ניט און האָב קיין באַגריף,
פון זאַכן גאָר מאָדנע, וואָס רופן זיך „זאָרגן״ —
אַי־ליו־ליו — עס וויגט זיך די שיף — —

שטאָק־פינסטער, נאָר יעדנס נשמה איז ליכטיג,
ווי „גייסטער פון קעטסקיל״ ארום...
און פאָרליך פאַרליבטע, ווי קינדערליך ציכטיג,
די שטערען זיי ציילן זיך פרום.

זיי ציילן און ציילן און ס׳נעמט ניט קיין ענדע;
פון קושן נעמט אויך ניט קיין סוף,
און ס׳דאַכט זיך, די נאַכט איז אַ מאַמעס לעגענדע
געשעפּטשעט דעם קינד פאַרן שלאָף...

און אָט זיצט אַ „טריאָ" פון מיידליך באַזונדער,
אַ שטערן — איז יעדערערס בליק,
די „בלאָנדע" דערציילט אַ געשיכטעלע — וואונדער!
פון נימפן, פון ליבעס און גליק...

די צווייטע, די „שווארצע" קומט באַלד מיט איר זינגען
פון „קאַרמען" אַ רייצענדיג ליד,
די טענער מיט פייער און עזות צוקלינגען
איר פּנים — אַ רויז ווען זי בליט.

די דריטע „התקוה" זינגט שטיל און פאַרטרויערט,
מיט בליק אין דעם אָבגרונד פון נאַכט,
און ס׳קלינגט איר געזאַנג ווי זי וואָלט וואָס באַדויערט,
איין גאָט וויים פון וועמען זי טראַכט!

און אָט קומט פון ווייט נאָך אַ שיף אונז אַנטקעגן,
און איידער עס גריסט איר סיגנאַל,
זי שיקט דורך דערנאַכט אונז פון שטראַלן אַ רעגן,
און סודות דעקט אויף יעדער שטראַל...

אונ ס'הערן צו זיך די גיגאַנטישע סקאַלעס
צום כאַר־ליד וואָס ערגעץ־וואו שאַלט
עס פּאַטשן דעם האָדסאָנ'ס וויס־שוימיגע כוואַליעס,
די עכאָ קלינגט אָפּ אין אַ וואַלד.

# דער מענש ביים ים

ים, דו אלטער אייביג־יונגער, ריז, דו — ים!
ביים ברעג ביי דיינעם שטיי איך איצט און קלער:
ווי קליין, אונענדליך קליין איך בין אנטקעגן דיר!
ווען כ׳זאל אין כח זיך מיט דיר פארמעסטן,
וואלט דען ניט דיין קלענסטע כוואליע
מיך באזיגט?...
ווי קליין, ווי קליין בין איך אנטקעגן דיר!
און דאך — פיעל קלענער נאך ביזטו
אנטקעגן מיר,
ווען איך פארגלייך דיין טיפקייט
מיט דער טיפקייט פון מיין זעל;
דיין בלינדע קראפט — מיט מיין נשמה...

ים, דו גרויסער־גרויסער ים!
דו לאכסט, דו לאכסט אזוי פון מיר מסתם,
און קאטשעסט דיינע כוואליעס פון געלעכטער...
דאך האלט דיין אטעם איין א ווייל
און הער:
האסטו געזען א מעטעאר —
ווי מיט איין שוואונג און בליצענשנעל
דעם גאנצען הימל ער קרייצט איבער און פארשווינד׳ט?
אזוי, און שנעלער נאך ווי ער,
און ליכטיגער,

קען א בליץ טאָן מיין געדאַנק,
און מיט איין שוואונג אריבער שפּאַנען
דיך, דעם גרעסטן פון טיטאַנען,
מעסטענדיג דיין שטח און דיין טיף!

ים, דו גרויער זקן־ריעז, דו — ים!
גרוים ביזטו אונענדליך,
און איך בין קליין אזוי.
דאָך ווען מיין בענקשאַפט שטורעמט אויף מיין הארץ
און ס׳ציהט מיך רק אין אומבאַוואוסטע וועלטן.
דאַן נעם איך מיר אַ קליינטשיג שיפעלע אזא
מיט א „פּעריסקאָפּ״,
און לאַכענדיג פון די געפאַהרען דיינע
וואָס לויערן איבער מיין קאָפּ,
איך לאָז מיך צו דיין טיפען גרונד אראפּ...
און כאַטש אין דיין רשות,
דיין קעניג בין איך דאָך און דיין באַהערשער.
און די קאַרעלן־שלעסער, אַלע דיין אוצרות,
זיינען פאַר מיר אָפן;

און די סודות אלע פון דיין הארץ
זעט און פאַרשט מיין אויג...
און דו, אַ מעכטיגער! צי ווייסטו דען
וואָס דאַן קומט פאַר ביי מיר אין הארץ?...
קענסטו דען זען דאַן מיינע אוצרות, מיינע סודות?...

ווי קען דיין טיפקייט און דיין שטח זיך פאַרגלייכן
מיט מיין פרייד,
מיט מיין פרייד פון שטאָלצן זיעגער
און באַהערשער פון דעם ים?...
— — — — — — — — — — — — — — —
אונענדליך גרויסער ים,
ווי קליין ביזטו אנטקעגן מיר,
און מיין נשמה! — —

# האַרבסט—שטימונגען

.1

מיט אומעט רוישט דער אַלטער וואַלד.
ער טראַכט פון האַרבסט, וואָס קומט אָן באַלד.

דער האַרבסט! — אוי, ווער האָט אים אנטפּלעקט
דעם סוד פון האַרבסט, וואָס פּלאָגט און שרעקט?

האָט זיפצנדיג אים אויסגעזאָגט,
אַ וואַלד־משורר, איידער ס׳טאָגט?...

צי גאָר דעם זשוקל׳ס לעצטער זשום,
ביים לערן כום פון בלייכער בלום?...

דאָס טייכל, אפשר, אין זיין פלום
וואָס האָט פון פעלד געבראַכט אַ גרום:

אַז אָפּגעשניטן איז די זאַנג,
און שוין פאַרשטומט האָט דאָרט דער קלאַנג.

פון מערב און קאָסע... און די בין —
זי קומט ניט מער צוגאַסט אַהין...

עס רוישט דער וואַלד — און ס'דאַכט: דער ווינט
פאַרוויגט אַ וויינענדיג קליין קינד,
וואָס האָט אַ חלום זיס געדאַכט,
און האָט אין מיטן אויפגעוואַכט!

.2

דער אומעט נאָגט אין הארצן טיף.
פאַרוואָס? פאַר ווען? כ'האָב קיין באַגריף.

נאָר יעדע ניט-דערוויינטע טרער,
ווי בליי אין ברוסט זי דריקט מיך שווער.

קענסטו, מיין הארץ, דערקלערן מיר,
וואָס פייניגט דיך אַזוי אָן שיעור?

צי טראַכסטו אַלץ פון קינדהייטס-היים,
וואו האָסט אַמאָל געזען אין טרוים,

אַ וואונדערליכע כשוף-בריק,
וואָס פירט צום לאַנד „פון רום און גליק"?

צי, אפשר, קומט דיין וויי דערפון,
וואָס בענקסט נאָך מערער ליכט... נאָך זון...

אין הימל'ס הויך צו שוועבן פריי,
צו זען די „כשוף-בריק" אויף ס'ניי...

נאָר ס'איז דער הימל ענדלאָז הויך,
און דיינע פליגלען — שוואַך, אָן כוח.

דער שיקזאַל — בייז; דאָס לעבן — האַרט;
דו ליגסט אין אייזן־שטייג פאַרשפאַרט.

און קוקסט זיך איין מיט טיפן שרעק —
אַ העלפט פון לעבן שוין אַוועק!

און טאָג נאָך טאָג, און נאַכט נאָך נאַכט,
אַ שד זיך רייצט מיט דיר און לאַכט: —

„דו האָסט געטרוימט — וואו איז דיין טרוים?
„דו האָסט געבויט — וואו איז דיין היים?

„דו האָסט געשטרעבט — וואו איז דיין ציל? — — —
דערפאַר דיין אומעטיג געפיל?

צי גלאָט דער אָסיענדיגער ווינד,
אַ בילד, אַן אומעטיגס, דיר שפינט:

דו זעסט: אַ וואַלד אָן בלעטער... שטום...
קיין פויגל־ליד, קיין גראָז, קיין בלום...

דאָס ווייטע פעלד — אַ וויסטער גרונד...
אַ לעצטער, לעצטער „זיי געזונט"

פון ווילדער גאנז... פארוואלקנט, קאלט,
א דינער רעגן פאלט און פאלט — —

— — — — — — — — — — — — — — —

דער אומעט נאגט אין הארצן טיף,
פארוואס, פאר ווען? — כ'האב קיין באגריף!

# וואוהין...

וואוהין זאָל איך לויפן פון טויטליכן אומעט?
פון אים זיך באַהאַלטן — איך האָב ניט וואו.
מיין האַרץ — אַזוי מיד... און עס ליגט אין אים תמיד
אַ שווערקייט, וואָס פייניגט און גיט ניט קיין רו.

פאַרלאָז איך דאָס צימער און טרייב זיך אויף גאַסן —
זיי גלאָצן אויף מיר מיט אַ שטיינערנעם בליק.
די מענטשן — פרעמד, קאַלט, ווי זיי וואָלטן מיך האַסן...
אין שטוב אַריין ברענג איך מיין אומעט צוריק.

## זאָגסט, ביזט עלנד...

זאָגסט, ביזט עלנד — נו, איז וואָס?
טראָגסט אויף קיינעם קיין פאַרדראָס.
טראָגסט אויף קיינעם קיין פאַרדראָס.
אויף די ליפּן נאָר אַ שלאָס...

זאָגסט, ביזט עלנד און אַליין,
איז דיין האַרץ אַ שווערער שטיין.
איז דיין האַרץ אַ שווערער שטיין,
און דערלאָזט ניט קיין געוויין...

איז דיין אומעט דאָפּעלט שווער,
אָן אַ מיטגעפיל און טרער.
אָן אַ מיטגעפיל און טרער
פון אַ פריינט וואָס קומט ניט מער...

# אין אַ פרי-מאָרגן

ס'האָבן פייגעליך באַגינען,
ביי מיין פענסטער געלאָזט וויסן,
אַז אין דרויסן דער פרי-מאָרגן,
שטייט און וואַרט אויף מיין באַגריסן.

האָב איך באַלד אויף זיך די קליידער,
אין געאייל אַרויפגעצויגן,
און אַנטקעגן אים געלאָפן
מיטן שלאָף נאָך אויף די אויגן.

איז דער הימל אַזאַ בלאָער,
און די בוימער קראַפּטפּול בליען;
— זיי געגריסט, דו יונגער מאָרגן!
האָט מיין פרייד אין מיר געשריען.

און דער הימל, פון אַ ווינקל,
האָט אַ פאָרהאַנג אויף געהויבן,
און אַפיר געקוקט פון דאָרטן,
האָט די זון מיט ליכט און גלויבן.

און די וועלט האָט אויסגעזען מיר,
ווי אַ שפּיל פון וואונדער-פאַרבן,
און זיי בייטן זיך און בייטן,
פליסן זינגענדיק און שטאַרבן...

מיט זייער זינגען אין מיין האַרצן
נייע וועקן זיך געפילן,
איינס קאַפּריזנער פון דעם צווייטן,
מיט אָן אומרו — ניט צו שטילן.

איינער טרייבט מיך איך זאָל לויפן,
ווי אַ אינגל אַ פאַרשייטער;
כ׳זאָל צום יונגן גראָז זיך בויגן,
און אַ גלעט טאָן — וויל אַ צווייטער.

ס׳וויל אַ דריטער זיך צוזינגען,
זאָגן ווען: ביזט אַ שיינע!
און אַ פערטער — כ׳זאָל אַ קוש טאָן,
אירע ביידע הענטליך קליינע.

און דער צענטער וויים אַליין ניט,
וואָס ער וויל פון יונגן טרוימער,
אפשר אויף די צווייגן קריכן,
צו די נעסטן אויף די בוימער.

דאָרט זיך אָפּרוען אַ ווײַלע,
הערן פויגל׳ס מעלאָדיען,
און פון דאָרט מיט לייכטע פויגל,
ערגעץ פליען — פליען — פליען — — —

# ווינטער

שוין ווידער איז ער דאָ דער ווייסער ריטער,
צו פייניגן די פיל געפּלאָגטע וועלט!
פון מענטשנ'ס אויג האָט ער די זון פאַרשטעלט,
באַפרייט פון קייט דאָס גרויזאַמע געוויטער,
אַ הויך געטאָן אויף אַלץ מיט פראָסט און קעלט,
איז דורך דעם בוים און גראָז אַדורך אַ ציטער,
און ס'האָט אַ וואָלף צעוואָיעט זיך אין פעלד...

בלויז וואו-ניט-וואו, פאַר'חלש'ט אויף אַ בוים,
נאָך זיפצט דאָס גאָלד-געוועב פון זומער'ס טדוים,
דער סוף-אַקאָרד פון לעצטער פרייד און קומער...
דאָך הערט זיך שוין אין שטורעמס איבער-טאָן,
די גרויסע, העלע, בשורה וואָס זאָגט אָן:
דער ווינטער טראָגט אין זיך אַ נייעם זומער...

## אין אַ ווינטער-טאָג

אַ קלאָרער אַ נאָר-וואָס געפאַלענער שניי.
אַ ליכטיגע, שטילע צושאָטענע פרייד.
אַ גרויסע רויט-פלאַמיגע זון וואָס פאַרגייט.
פון אונטער אַ דאַך פליען פייגעליך צוויי.

און פערל אָן צאָל האָט דער ווינטער פאַרזייט,
מיט וואונדער-קאָלירן, וואָס פינקלען אין זיי.
און יאָגט זיך אַ ווינט מיט פאַרשייטן געדריי.
עס דאַכט, ער צושויבערט אַ ווייס חופה-קלייד.

איז צייט זיך צושליטלען — געליבטע, ס׳איז צייט!
דאָס שליטל איז גרייט אונז צו פירן ווייט-ווייט,
מיר ביידע — צוויי פערדליך געשפאַנטע.
ווי גוט איז צו פילן דיין וואַרעמע האַנט,
און זאָרגלאָז צו שוועבן מיט דיר זאַלבענאַנד,
אויף וועגן אונז גאָר אומבאַקאַנטע — — —

# אַ שנייעלע

אַ שנייעלע, פול וואונדער-לוסט
אין לופט האָט ער געדרייט זיך
פון טויט-געפאַר נאָך ניט געוואוסט,
און מיט גאָט׳ס וועלט געפרייט זיך.

זיין העמדעלע איז וויים געווען,
מיט דימענטליך באַשפּרינקלט;
און ער אליין האָט אויסגעזען:
אַ טרוים וואָס שוועבט און פינקלט...

און ס׳האָט געדאַכט: ער זינגט אַ ליד
פון פראָסט און ווינט און שטראַלן,
נאָר באַלד האָט ער גענומען מיד
פון בלאָער הויכקייט פאַלן...

און ווען ער האָט דערזען די גאַס,
מיט בלאָטע, פערד-און-וועגן,
איז אים פאַרגאַנגען גאָר דער שפּאַס:
אוי, וואו וועט ער זיך לייגן?

האָט גראָד מיין ליבסטע דאָרט שפּאַצירט,
מיט בעקליך — צוויי געזאַנגען;
האָט ער אַ בעקל נאָר באַרירט,
און איז פון פרייד — צוגאַנגען...

# פרילינג

מיט יעדן בלאָז פון ווינטל,
מיט דופט פון קנאָספּ און בליט,
מיר זאָגט דער יונגער פרילינג:
מיין האַרץ איז דיינס אַ צווילינג,
און דיינס איז אויך מיין ליד.

פון הימל׳ס טיפער בלויקייט
מיר זאָגט דעם פרילינג׳ס בליק:
מיין בלויער טרוים איז דיינער,
דיין טרוים איז זיס ווי מיינער,
און דיינס איז אויך מיין גליק.

מיט יעדן פויגל-צוויטשער,
זיין גרוס מיר זינגט אָן רייד:
מיט בליאונג טו איך קומען,
דו בליסט ווי מיינע בלומען,
און דיין איז אויך מיין פרייד.

און צו אַ פרילינג-שטורעם,
עס הערט מיין האַרץ זיך איין,
און כ׳ענטפער מיט אַ ציטער:
ס׳איז מיינס אויך דיין געוויטער,
און בענקעניש און פיין!

# עס איז מיין ליבע...

(נאָך ראָבערט בוירנס)


ס איז מיין ליבע ווי אַ רויז,
וואָס רויט אין יוני זיך צובליט;
מיין ליבע זינגט פון האַרץ אַרויס,
ווי אַ מעלאָדיש-זיסע ליד.

ווי שיין דו ביזט און האַרציג-זיס,
און ווי איך ליב דיך פול מיט פלאַם,
און דיך אַליין ליבן וועל איך, ביז —
ס'וועט אויסגעטריקנט זיין דער ים...

און ביז איעדער פעלזן-שטיין
זיך וועט צוגיין אין פייער-גלוט;
און ביז עס וועט מיין טויט געביין,
שוין ליגן מיט פאַרפרוירן בלוט.

און זאָג איך: זיי געזונט מיין גליק,
איך זעגן זיך נאָר אויף דערווייל, —
דען קומען כ'וועל צו דיר צוריק,
אַ, מעג עס זיין צען טויזנט מייל!

# פונקען...

ברענט אַ פייערל אין מיר,
שלאָגט א קוואַל פון וויין אין דיר...
בויג איך איין זיך נאָך אַ טרונק,
פאַלט אַריין אין דיר אַ פונק...

מיינע פונקען — טיף אין דיר ;
דיינע טראָפּנס וויין — אין מיר ;
טראָפּנס בענקען נאָך זייער שטאַם,
פונקען בענקען נאָך זייער פלאַם...

ציט דיין וויין מיך אַלץ צו דיר,
מיינע פונקען דיך צו מיר,
מישן פונקען זיך מיט וויין,
שוימט עס, זידט... און רוט ניט איין — — —

# אין נעבל

ווער ביזטו?
און איך בין — ווער?
און ווער האָט אונז פאַרפירט אַהער?

דער וואַלד איז גרויס,
פאַרצווייגט און טיף,
דער וועג וואו פירט? כ׳האָב קיין באַגריף.

דער באַרג איז בלינד,
און שטום דער טאָל,
און פרעמד מיר קלינגט מיין אייגן קול...

פאַרנעבלט איז
די ערד, דער רוים,
געאָרעמט ליגן — וואָר און טרוים...

בין איך ניט בלויז
דיין טרוים-געשטאַלט,
וואָס מיט אַ ליד פאַרנאַרט אין וואַלד?

און האָט דיך ניט
אין וואַלד ביינאַכט,
מיין איינזאַמקייט דאָ אויסגעטראַכט? — —

# מיראַזשן

איך בין ווי דער איינזאַמער וואַנדערער אין מדבר,
וואָס ווייסט ניט צו־וואָס און וואוהין און פון וואַנען,
אים פירט אָט די פיינפולע ווייטע נסיעה,
דורך גלוטיגע, דורשטיגע זאַמדן־טומאַנען,
וואו, זוכנדיג, לעשט זיך אומזיסט נאָר זיין ראיה,
אַז אפשר איז ערגעץ אַ קוואַלכל פאַראַנען...

און כ׳בין ווי דער וואַנדערער, וואָס בלייבט אַ געגנאַרטער,
פון פאַלשע מיראַזשן פון בוימער און קוואַלן,
וואָס זינגען מיט צויבער און רופן: „קום, מידער,
„איין טרונק בלויז און שטאַרק וועסטו ווערן באַלד ווידער" —
נאָר פלוצלונג — זיי ווערן צורונען... פאַרפאַלן...

אַזוי האָט דיין רייצנדיג־מיידלשער צויבער
מיין האַרץ, דאָס פאַרבענקטע, צו דיר אַלץ געצויגן;
אַזוי פלעגן שרעקליך פאַרפאַלגן מיין זינען,
די פאַלשע מיראַזשן ביי דיר אין די אויגן;
אַזוי איז מיין חלום וואָס ליבע פלעגט שפינען,
מיט דיר אין אַ וויסטעניש ערגעץ פאַרפלויגן!

# אַ חלום

אַיך האָב דערוואַכט מיט אַ געוויין,
פון חלום, וואָס איך האָב געזען.
ווי נאַריש! כ׳בין ביי איר געווען...
צו-גאַסט אין שטוב ביי איר אַליין...

כ׳האָב גלייך איר צימערל דערקענט,
די ליבע בילדער אויף די ווענט,
געשטרעקט האָב איך צו זיי די הענט...
נאָר זאָגן עפּעס ניט געקענט.

און שקלאַפיש כ׳האָב געקניט פאַר איר: —
„צי בין איך דען ניט דער וואָס פריער?"
נאָר שטום און לאַנג זי קוקט אויף מיר,
און מיט דער האַנט זי ווייזט די טיר...

האָב איך דערוואַכט מיט אַ געוויין,
פון חלום וואָס איך האָב געזען,
פאַרביסן האָב איך מיינע ציין
און אויסגעזידלט זיך אַליין — — — —

# נאָכ׳ן רעגן...

.1

דאַפּלט העל די זון איז היינט,
נאָך דעם לאַנגגן, סומנע רעגן.
אומעטום אַ רעגנבויגן,
זעען מיינע קלאָרע אויגן,
און ער טרייסט מיך ווי אַ פריינט.
ליכטיג, לייכט אויף דער נשמה,
כ׳טרינק די לופט ווי שטאַרקן ווייַן,
כ׳פיל ווי כ׳וואָלט אַ טייל געוואָרן,
פון דער לופט און זונענשיין.

.2

טראַ לאַ לאַ...
און אַז העל איז היינט די זון,
און אַז גוט איז מיר דערפון,
גלייך ווי זונענפרייד־געזאַנגען,
פון אַ טשעלנ־כאָר אַ ווייטן,
וואָלטן גלעטן מיין נשמה, —
קום־זשע, מיידל שענסטע, טאַנצן,
מיט די קינדער אויף דער גאַס,
אין אַ רינגל רונד אַרום,
לאָמיר, ליבסטע, זאָרגלאָז, טאַנצן.

אָדער — קום מיט מיר אין וואַלד,
אין דעם אַלטן־יונגן וואַלד,
כ׳וועל אַ שטאַרקן דעמב דיר ווייזן,
וואָס זיין שטאַם איז ווי אַ בינשטאָק
פול מיט זיסן בלומען־האָניג,

און אויף זיינע הונדערט צווייגן,
זיינע גרויסע גבור־צווייגן,
זינגען גרויסע מחנות־פייגל,
זינגען שירה צו דער זון —
זינגען, שפּרינגען, זוכן פּאָרן,
ווי אין שטורעם־ווינד די זאַנגען,
ווי אין טוי־נעכט־פרומע קוויטן
ווי אין זונשיין יונגע הערצער
איינס פאַר׳חלש׳ט נאָכ׳ן צווייטן...

.3

ווייסע, באָרוועס־פלינקע פיס,
סאַמעט־גראָזן ווייך און פייכט,
לויפט זיך לייכט, פילט זיך זיס —
סאַמעט־גראָזן ווייך און פייכט,
צערטלען דיינע פיס.

פליען ווייסע טויבן צוויי,
זי פאָראויס און ער נאָך איר.
איך מיט דיר —

ריין ווי זיי —
דו פּאַראויס און איך נאָך דיר,
יונגע טויבן צוויי.

גרינ-געלאַקטער יאַגדעס-קוסט,
שטייט און קוועלט אין זונען-ליכט,
דיין געזיכט,
אויף מיין ברוסט,
נורעט איין זיך ווי דאָס ליכט,
אין דעם גרינעם קוסט.

4.

און נעמען מיינע אָרעמס דיך אַרום,
מיר דאַכט, איך נעם די זון אַרום;
און גראָב איך מיינע ציין אין דיר,
און וויימאָג פילט
דיין הייליג-זוניג לייב,
מיר דאַכט, איך נעם נקמה
אָן דער זון,
פאַר אַלע סומנע-רעגענדיגע טעג — — — —

## זיי שטאָלץ!

האָסט נאָר איין זיסע רגע מיר
אַמאָל געגעבן,
און אין געדאַנק איך טראָג דיך אום
מיין גאַנצן לעבן.

און וואָלסטו מיר, חלילה, מער
ווי איינע שענקען,
גאָט ווייסט, צי כ׳וואָלט דיך נאָך
ביז היינט געדענקען...

ביזט יונג און שיין געווען — נאָך שענער
ביזט פון וויטן;
און בלייבן וועסט ביי מיר אַזוי —
אויף אַלע, אַלע צייטן.

## אַ „סאָנעט"...

ווייזט דאָס קינד די דריבנע ציין,
און מיט זיס-נאַאיוון חן,
מער געזונגען ווי גערעדט,
פרעגט זי: „וואָס איז אַ... סאָנעט"?

צייל איך באַלד איר פינקטליך אָפּ
פערצן ברכות אויף איר קאָפּ;
כ'קוש די הענטליך רונד און גלאַט,
און דערקלער אַזוי דעם פשט:

— קינד, דאָס איז אַזאַ געדיכט,
וואָס איז שיין ווי דיין געזיכט;
וואָס זיין שפּילעוודיגער חן,
לייכט אַזוי ווי דו אַליין;
ס'איז אַ ליד — ווי דו — ניט גרויס,
און ס'האָט שורות פערצן בלויז...

לאַכט מיין קינד אַזוי און שפּעט:
פינקטליך פערצן דאָס אַנטהאַלט?
באַלד שוין ווער איך פערצן אַלט...
וועל איך אויך זיין אַ סאָנעט?

# פ י י ג ע ל ע . . .

ב׳קען אַ מיידל, פייגעלע,
מיט אַ קינד׳ס געזיכט,
און אין אירע אויגעלעך,
שיינט פרי־מאָרגן ליכט.

תמימות׳דיג און אָפּגעטאָקט,
איז איר יעדעס גליד,
שפּילט דאָס בלוט אין פּנים׳ל,
און דאָס הערצל גליט.

קען די שיינע פייגעלע,
לידעליך גאָר פיל,
זינגט זי זיי מיט לוסטיגקייט,
ווי אַ קינד אין שפּיל.

אָבער טריב ווערט פייגעלע,
פריידן אַנטלויפט גאָר ווייט,
ווען זי טראַכט פון שטייגעלע . . .
און פון בייזע לייט.

## שפּעט האַרבסט

פּעט-האַרבסט — האָט געטענה'ט דער ווינט צו די בלעטער.
שפּעט-האַרבסט — און ווי לאַנג איז אייך, ליבע, דער שיעור
מיט גאָלד צו באַפּוצן — אין שלאַקס-רעגן וועטער —
אַ יורד, א בוים, אַ געוועזענעם גביר ?

וואָס דאַרף ער שוין בלעטער, דעם גאָלדענעם יחוס ?
ס'אַ חוזק — דאָס צירונג, אויף בוים, אין זיין שטאַנד —
ווען זומער איז אוים, אָפּגעטאָן זיין שליחות,
און ווינטער שטרעקט אוים די פאַרפרוירענע האַנט ?

ער פילט שוין דעם ווינטער און שטייט אַ פאַרקלאָגטער,
און בויגט, ווי אַן אבל, זיין קאָפּ צו דער ערד ;
באַוויינט ער די פּירות, וואָס, ערשט, האָט פאַרמאָגט ער,
ווען פון אַזאַ סוף האָט ער גאָרניט געקלערט ?

און איז ער שוין נאַקעט, באַרויבט און באַריסן,
און פויגל — די פריינד זיינע — קומען ניט מער, —
פאַרוואָס זאָל וואָראָנע נאָך קומען אויסגיסן,
איר שנאה, איר קללה, איר רויב-פויגל-טרער ?

איר שנאה — צו וועמען ? צום מענש, וואָס, פון פענסטער,
האָט בוים, אין זיין בליאונג, מיט ליבשאַפט באַטראַכט,
און איצט איז זיין שטוב פול מיט בלייכע געשפּענסטער,
וואָס וויינען, ווי פידלען דערשטיקטע, ביינאַכט ? — — —

שפּעט-האַרבסט — האָט גע׳טענה׳ט דער ווינט צו די בלעטער,
און אַלע, ביז לעצטען, געריסן פון בוים;
מיט בליציגע בייטשן, פון שלאַקס-רעגן וועטער,
געיאָגט זיי, ווי פויגל, אין פינסטערן רוים.

# די פאַרלוירענע

אין דעם לאַנד פון ווײַנטרויב-גערטנער,
וואו צום ליכטיגסטן די זון איז,
און די ערד איז שוואַרץ און פרוכטבאַר,
וועלדער, סטעפּעס — ווילד, סכנות!

וואו עס פליסט דער „זקן-דניעסטער”,
צווישן גאָלד פון תבואות-ים׳ען,
דורכ׳ן האַרץ פון פעלז-גיגאַנטן,
טרינקט פון טויזנט פעלזן-שטראָמען;

וואו דער „טשאַבאַן”*) ביי דער סטאַדע
וועבט זיין האַרציג-זיסן ניגון,
און זיין פייפל׳ס „דוינע”-טענער
ברייטע סטעפּעס צאַרט פאַרוויגן;

דאָרט, אין יענעם וואונדער-געגנט,
זאַט מיט ברויט און זיסע קלאַנגען,
איז אַ מעשה-לע פון דורות,
צווישן פאָלק אַרום געגאַנגען:

---

*) אויף וואָלאַכיש: אַ פּאַסטוך.

אַזביים דניעסטער אין אַ חורבה,
פול מיט אָרעמקייט און קומער,
האָט אַ איד געוואוינט פיל יאָרן,
אַ פאַרצייטיגער, אַ פרומער,

פלעגט ניט קוקן אויף גאָט׳ס וועלטל,
רק פאַרטיפט זיך אין משניות,
שלחן־ערוך, אָדער תלמוד —
פרעמד פון אַלץ וואָס שיין און ניי איז.

אין די ליבע טעג פון פרילינג,
האָט ער זיך געציילט זיין „ספירה״...
האָט קיין שטראַל געקאָנט זיך רימען:
„כ׳האָב פאַרבלאָנדזשעט אין זיין דירה!״

און דערפאַר האָט גאָט באַלוינט אים,
מיט אַ טאָכטער — בת־זקונים —
וואָס געשטראַלט מיט געטליך שיינקייט,
און מיט צנועות האָט איר פנים.

אירע שוואַרצע האָר און אויגן —
סודות־פול ווי נעכט די שטילע;
איר געזאַנג און איר געלעכטער,
האָט געקלונגען ווי אַ תפילה.

טרעפט אַ מאָל אין אַ פרי־מאָרגן,
אַרום דניעסטער זי שפּאַצירט זיך,

לעבן פעלז דעם ווילד־געשניצטן,
וועמעס „קאַפּ“ מיט וואָלקנס צירט זיך...

און זי מעסט בענקשאַפט־בליקן
יענעם ברעג וואָס קעגן איבער,
מיט זיין גרינער ווערבעס־שורה,
מיט די שיינע, רייכע שטיבער.

פלוצלונג האָט אַ ים פון טענער
זיס פון ערגעץ זיך צעשאָלן.
איז עס פון דעם בלויען הימל?
פון דעם וואַלד די נאַכטיגאַלן?

ס'איז דער „טשאַבאַן“ מיט זיין פייפל
ערגעץ־וואו אין טאָל פאַרבאָרגן;
מיט די טרעלן זאָגט ער האַרציג,
זיינע שעפעלעך: „גוט־מאָרגן“.

דאַכט זיך איר: עס שפּינט אַ נעץ זיך
פון די זיידנ־ווייכע קלאַנגען;
און איר בענקענדע נשמה,
אין דעם כשוף ווערט געפאַנגען.

שפּאַרט זי אָן איר קאָפּ צום פעלזן,
קנייטשט איר שיינעם רונדן שטערן,
קוקט אַרויף צום בלויען הימל,
דורך צוויי גרויסע פּערל־טרערן.

און דערזען זי האָט דער פאסטוך,
און געפרעגט זיך: „ווער איז די־ע?"
טראַכט אַ רגע—און ער מורמלט:
באָזשי!—הייליקע מאַריע!

---

רייך איז אונזער ערד אין בלומען,
גאָט באַשאַפט זיי מער און מערער,
נאָר וואָס צאַרטער בלומען זענען,
זיי איז אַלץ צו לעבן שווערער.

ווערט דער הימל שוואַרץ־פאַרוואָלקנט,
שענקט די זון זיי ניט קיין שטראַלן,
קומט אַ קעלט אַ האָגל־שטורעם,
און זיי וועלקן און זיי פאַלן.

---

און דעם אידנ׳ס שיינע טאָכטער,
פלעגט אין דמיון אָפטמאָל וועבן,
פאַרבנ־רייכע טרוימען, בילדער,
פון אַ שיין און גליקליך לעבן.

פון מרחקים—האָט געטרוימט זי,
ווי געלייענט אין מעשה־ביכער —
קומען וועט איר האַרצ־געליבטער,
ווי אַ „ריטער" שטאָלץ און זיכער,

זי פון איינזאַמקייט באַפרייען,
פון דער אָרעמקייט און זאָרגן,
פון דער נאַגנדיקער בענקשאַפט,
וואָס אין הארצן ליגט פאַרבאָרגן.

און פאַרשווינדן מיט איר ליבסטן
וועט זי אין דער סטעפּ, דער פרייער,
וואו זי וועט זיין שיינע בלום זיין,
ער — איר גערטנער אַ געטרייער.

נאָר אומזיסט די מיידל-טרוימען,
ס׳לאַנגע וואַרטן און איר האָפן ;
ס׳האָט געווים אַ בייזע סיבה,
מיט איר „ריטער" וואו געטראָפן !

ס׳האָט געווים אַ שד, אַ בייזער,
ס׳גרויסע גליק איר ניט פאַרגונען,
און מיט זיינע וויסטע נעצן,
איר געליבטנ׳ס וועג פאַרשפּונען.

און אין טיפן האלב-נאַכט חושך,
איידער ס׳הויבט דער האָן צו קרייען,
איידער ס׳קלינגט איר טאַטנ׳ס "חצות-ליד",
בלויז די דניעסטער-ווינטן ווייען —

דעמאָלט, דאַכט איר, עמיץ רופט זי:
—„קום אַרויס פון בעט, דיין ווייכן...
דיין מזוזה־טיר טרעט איבער...
דאָס וועט זיין דיין ליבעס־צייכן — — —

און די שוועל זי האָט באַטראָטן,
מיט אַ פרייד און שרעק אין הארצן,
און פאַרשלונגען באַלד געוואָרן,
פון אַ חיה־מויל אַ שווארצן — — —

און געשטאָרבן איז איר טאַטע,
ביי זיין ערשטן קדיש זאָגן,
און דאָס פייפל אַרום דניעסטער,
טוט ביז היינט נאָך ווייגען, קלאָגן...

# דאָס לאַנד פון וואונדער

אַ, עפן אויף די אויערן, פריינט!
דיין טרחה, גלויב מיר, וועט דיר לוינען,
ווייל כ׳האָב די בעסטע בשורה היינט,
און פרייען וועסטו זיך און שטוינען.

מיין פריינט! ס׳איז ערגעץ דאָ אַ לאַנד,
אַ לאַנד פון זעלטנסטע אַנטיקליך,
וואו יעדער נאַר האָט אויך פאַרשטאַנד,
און ס׳גאַנצע „עמכאָ" לעבט זיך גליקליך.

ווייל ס׳האָט דאָס מענטשליכע געשלעכט,
שוין גאָט׳ס נביאים דאָרט פאַרשטאַנען,
און בלאַנדזשעט מער ניט „לינק" און „רעכט",
און מאַכט קיין געצקעס פון טיראַנען...

און ס׳איז נישטאָ אין גאַנצן לאַנד
קיין בלאַט וואָס מאַכט צום שקר חנ׳דליך...
די שרייבער שרייבן מיט טאַלאַנט,
און נאָר דעם אמת — ווי געוויינטליך!

און קונסט... איז ווייט דאָרט פון יאַריד...
די קינסטלער האָבן פיינט זיך רימען...
אַ דיכטער לייענט אויך יענעמ׳ס ליד,
און טוט דערביי זיך גאָרנישט קרימען!

און פרידן הערשט אויף יענער ערד,
די שנאה־קנאה — לאנג פארגעסן.
פון „דזשעז” האט קיינער ניט געהערט,
און ניט פון שווינדל־מארד פראצעסן.

מען זאגט נאר אז די פרויען דארט,
כמעט ווי דא: זיי גייען נאקעט,
דאך זעלטן ריידן זיי א ווארט...
און גריבלען זיך ניט אין דיין „פאקעט”...

נאר ווען מען פעגט און קינסטלער־האנט,
קאן אויסדערציילן די אנטיקליך,
פון יענעם וואונדערליכן לאנד,
וואו אלע מענטשן לעבן גליקליך?

און דאך, מיין פריינט, פארנעם מיין ווארט,
ניט לויף עס זוכן! האב אין זינען,
אז אט דאס גליקליך, גליקליך ארט,
קאן אויך „קאלאמבוס” ניט געפינען!

## „צוויי גרענאַדיערן"...

אין רויש פון מאַשינען, פון זשאַווער און אייזן,
דאָרט נייען צוויי אַלטע — אַ „לינקער" און „רעכטער".
זיי האָבן צוויי אַלטינקע ווייבער צו שפּייזן,
דאָך היינט מוז דאָ איינער דעם צווייטן באַווייזן,
אַז ער און זיין צד איז דער איינציג-גערעכטער!

הייסט איינער ר' חיים — דער צווייטער — ר' נח.
און פרום איז דער ערשטער, און פרום איז דער צווייטער,
און ביידע זיי ליבן דעם שמעק-טאַבאַק ריח...
און ביידע זיך זאָרגן: וואו נעמט מען דעם כוח —
צו זיין אויף דער עלטער אַ קלאוק-אָפּערייטאָר?...

דאָך היינט — ווי גבורים מיט שטרענג-קאַלטע בליקן,
זיי קוקן זיך אָן, און — צעקרעכצן זיך ביידע:
— איר זוכט שוין, ר' חיים, ביי „לינקע" די גליקן? —
— וואו דען? — ענטפערט יענער — ביי אייערע „אַנטיקן"
וואָס שטיקן און דריקן און נעמען זיך „פיידע"?

— ס'אַ שאַנדע, ר' חיים, אַז איר זאָלט דאָס זאָגן!
ס'אַ בילבול! איך שווער אייך ביי באָרד און ביי פאות,
אַז אייערע „לינקע", זיי טויגן אויף קלאָגן, —
זיי ווילן די „יוניע" צוברעכן, פאַריאָגן,
און זיי זאָלן האָבן די מאות און דעות! — — —

— ר׳ נח! איך קאָן שוין די טענות נישט הערן,
די „רעכטע״ צופויקן די „מעשׂות״ אומיסטן.
קומט בעסער מיט מיר, וועלן זיי אייך ערקלערן,
ווי גרוים ס׳איז די מצוה אַ „לינקער״ צו ווערן,
אַז ממש די תורה איז פאַר — קאָמוניסטן!...

אויב תורה און מצוה — ווי מעג מען זיך כעס׳ן?
באַזיגט איז ר׳ נח פון גוואַלטיגן חריף!...
באַלד שפּאַנען זיי ביידע דורך רוישיגע גאַסן,
ווי העלדן מיט מוט פון די קעמפנדע מאַסן,
און... זוכן אַ שולכל פאַר מנחה און מעריב.

## ניט אין ביכער פון פּאָעטן...

ניט אין ביכער פון פּאָעטן,
די פאַרגעסענע אין שראַנק —
נאָר אין קאַך־בוך, אין דעם פעטן,
אָפט פאַרטיפט זיך מיין געדאַנק...

אַזאַ בוך — ווער קאָן פאַרגעסן?
וויפיל קראַפט פון אים עס קוועלט!
יעדע שורה רעדט פון עסן,
פון אַ לעבן אויף דער וועלט.

און ווי קאָן מען גאָר פאַרגלייכן
ווערק פון פּרין און טאָלסטאָי,
מיט אַן אוצר אַזאַ רייכן,
וועלכער קאָרמעט מיך אַזוי?

טרעפט — און צער פילט אַן מיין בעכער:
„אַ. פּי. עי.״ איז נאָר אַ שפּאַס,
בייזער יקרות שטייגט אַלץ העכער,
ביז צום טראָן פון רייכסטן גאָט;

ווען פון יעדן פיצל „סחורה״,
(גאָט, ניט שטראָף מיך פאַר די רייד!)
שמעקט דער „שוואַרצער מאַרק״, אַ מורא,
און פאַר׳סמ׳ט מיין יעדע פרייד;

װען דער הונגער װיל ניט הערן
מער קיין תּירוץ, מער קיין זאַך,
מעג דער „מאַרק” זיך איבערקערן,
מיט זיין „סטעליע”, מיט זיין דאַך, —

דעמאָלט װיים איך — און בין זיכער,
אַז מיין הויז־געזינד אויך װייסט —
אַז נאָר דאָרט, אין בוך־פון־ביכער,
ליגט אַ רעטונג און אַ טרייסט.

אַז נאָר דאָרט, װאו טויזענט זייטן
פּראַװען סעודות — אַ־לאַ קינג,
איז דער פּרייז, װי גאָר פאַרצייטן:
פאַר אַ שיבוש — עס און שלינג!

נעמט מיין קינד דאָס „װערק” באַלד לייענען,
דעקלאַמירט — אַ בלאַט נאָך בלאַט,
איז איר לייענען — טויזענט חנ'ען,
װערן אַלע פּלוצלונג זאַט, —

זאַט מיט טייערסטע מאכלים,
פון געשמאַקסטן פלייש און פיש — — — —
— — — — — — — — — — — —
אפשר איז עס נאָר אַ חלום,
װען איך דרעמל איין... ביים טיש.

# סעזאָנען פּאַסאַנען

ווען גאָט האָט פאַרענדיגט די וועלט מיט אַ ברכה,
געלאַנגווײַלט אַ צייט אָן אַ ברעקל מלאָכה —
האָט ער אויף סעזאָנען צעטיילט אַלע יאָרן,
איז ווידער אין קאָסמאָס אַ „ביזי" געוואָרן...

און ווי נאָר ס'האָט אדם דערשמעקט די סעזאָנען,
האָט ער זיך גענומען צו קליידער־פּאַסאָנען;
מלבושים פון בלעטער געמאַכט דאָן פאַר ביידען —
פאַר זיך און זיין חוה'ן — אין זיסן גן־עדן.

און דורות אָן צאָל האָבן שוין זיך געביטן,
ירושות געלאָזן — אַ סך שלעכטע זיטן,
איז היינט אונזער גורל — סעזאָנען, פּאַסאָנען,
און... „מיסטער לאַ־כודרע", ער שפּאָרט מיליאָנען!

ווייל ניט אַבי־ווער איז דער גאון „לאַ־כודרע", —
באַקאַנט ווייט און ברייט איז זיין קעפּל, דאָס מודרע.
זיין וואָרט, ווי אַ צויבער, קאָן הערצער דערקוויקן,
אַריינשפּריצן „לעבן" אין זיינע פאַבריקן...

אין זיינע פאַבריקן און רייכע סאַלאָנען,
וואו חשוב'ע סוחרים באַטאַפּן פּאַסאָנען,
די סוחרים וואָס קומען „מציאות" צו פישן,
און ס'קונסט־ווערק, דאָס גרעסטע, זינט אדם הראשון...

סעזאָנען, פאַסאַנען — עס ברענט און עס פּלאַקערט,
די פעלדער פון ווארעם — צעשפּרייט און צעאַקערט,
עס דרעשען מאַשינען די גאָלדענע סטויגן,
צו זעטן דעם הונגער אין הונדערטער אויגן.

עס ברענט און עס פּלאַקערט — און פונקט ווי זיין „באָסל״,
ער לויפט אָן אָטעם — דער אַפּערייטאָר יאָסל.
אַ חודש מלאכה — פאַרנייט אין צוויי וואָכן...
אוי, יאָסל, מיין שכן, ביזט קראַנק און צעבראָכן.

אוי, יאָסל, מיין שכן, עס קומט שוין דער ווינטער,
אַ נייער סעזאָן... און דו ווערסט ניט געזינטער?
דו ווערסט ניט געזינטער, און טייער דיך קאָסט עס,
און האָסט נאָך אַ טענה פאַרוואָס „מען דערלאָזט עס״...

## ציימן, ציימן!...

.1

שלאַנק און בויגיג. אויגן מילדע.
„אַכצן פרילינגס" — זינגט איר פּנים.
ליבט די טאַנגאָ; רויזן ווילדע.
אַלע מיידליך — אירע שונאים...

קוקט ניט, כלומרשט, אויף די מענער;
וואַרפט זיי צו נאָר חוזק-בליקן;
ווערט די האָפנונג זייערע קלענער...
ווילן אַלע זי — „דער-שטיקן"!

.2

יאָרן קנייטשן איר דאָס פּנים...
רייץ און יוגנד-חן פאַרלאָרן.
זיינען אַלע אירע שונאים,
גאָר די בעסטע פריינט געוואָרן.

פרויען שמייכלען איר צופרידן
און די מענער זיפצן פרימער...
לעבט מיט אַלעמען אין פרידן,
בלויז די שפּיגלען קוקן קרימער — — —

# „גייסטער"...

סיין דראַמע פאַרענדיגט האָט ענדליך דער מייסטער,
און איבער זיין בוך אין דער שטילקייט פאַרטראַכט זיך...
און באַלד האָט דעם שלעפערדיג־מידן געדאַכט זיך:
ווי ס'ווערט פון די שורות — א מחנה פון גייסטער...

און קלאָר ער דערקענט זיי: ס'האָט ער זיי באַשאַפן,
פיל טעג און פיל נעכט זיי געפורעמט, געקנאָטן,
און אַלע זיי זיינען דאָך שיין און געראָטן,
זיי וועלן די גרעסטע מבינים פאַרגאַפן!

און ווייטער אים דאַכט זיך: זיי הויבן אָן ריידן...
נאָר דאָ איז דער מייסטער פאַרציטערט געוואָרן —
ווייל ס'האָבן די גייסטער געשטורעמט פון צאָרן,
מיט שרעקליכע ווערטער דערציילט זייערע ליידן.

— „איך האָב ניט קיין קאָפּ!" — האָט א קרעכץ זיך צעטראָגן.
— „און מיר פעלט א האַרץ!" — „מיר אַן אויג!" — „מיר אַן אויער!"

— „און איך בין פאַר'משפט צום אייביקן טרויער:
ווייל וואָס פאַרא ווערט האָט א גייסט אַן... א מאָגן?!"

„צו וואָס־זשע, אוי רצחן, האָסטו אונז באַשאַפן,
„אונז, קאַליקעס וויסטע, אַן לייב און אַן לעבן?

„קיין שכל, געפיל, האָסטו אונז ניט געגעבן;
„בלויז פּלאַפּלען געהייסן און שפּרינגען ווי אַפּן!

„נו, זיינען מיר אַלע געקומען דיך בעטן:
„צעשטער אונז! פאַרברען! און באַפריי דיין געוויסן!
„און וועסטו ניט פאָלגן מיט גוטן — זיי וויסן:
„מיר וועלן דיך ווערגן, צורייסן, צוטרעטן!"

און באַלד האָבן הענט, ווי פון בייזע טייוואָלים,
געכאַפּט אים ביים האַלז, צו דער ערד אים געבויגן,
און ער האָט געוויינט און געעפנט די אויגן,
און לאַנג נאָך געטראַכט פון זיין שרעקליכן חלום.

# אַ זונען־אויפגאַנג...

אַפּאָלאָ האָט אַ נעם געטון,
מיט ליידנשאַפט, די מאָרגנ-זון,
און פון דעם טאָל ביים רונדן קאַרק,
אַרויף געשלעפּט זי אויפ׳ן באַרג...

און גלייך ס׳וואָלט זיין די זון זיין ווייב, —
האָט ער אויף גיך איר ליכטיג לייב,
פון פרעכן בליק פון זשעדנער וועלט,
מיט וואָלקנ-ליילעכער פאַרשטעלט...

געמיינט האָט ער אַז קיינער זעט,
ווי זי ריכטצו איר „טואַלעט" —
דאָך האָט דער טוי געשפּיגלט קלאָר,
איר פלאַמ-געזיכט און בלאָנדע האָר — — —

# איינע!...

קלוג — ניט איבעריגס; שיין — שולמית!
אויגן — טויבן; קלאָרע, מילדע.
בעקליך — פלאָם; די זון אין תמוז;
און אין בלוט אַ שטורעם־ים איז,
פון געפילן יונגע, ווילדע!

שיין — ניט איבעריגס; קלוג — סאָקראַטעס!
פרעגסט — זי ענטפערט קלינגענד־זיכער,
נאָר דער בליק, דאָס פנים — מאַט איז...
זאָרגט פאַר דעם „ווער קיינמאָל זאַט איז" — — — —
שלינגט ביים לאָמפּ ביז טאָג די ביכער.

איז מיר שווער דאָ צו אַנטשיידן:
נעמען — וועמען? וועלכע לאָזן?
כ'קאָן מיט קיינער זיך ניט שיידן,
כ'פיל אַ ליבע צו זייביידן, —
ווי צו ליליעס און ראָזן...

יעדע האָט זיך אירע חנ'ען,
און אויך זייטן טונקל־שלעכטע,
אָך, ווי ביטער ס'ווילט זיך וויינען,
וואָס איך קאָן זיי ניט פאַר'איינ'ען...
זיין וואָלט איינע אַזאַ רעכטע!

## ווייט פון שטאָדט...

ווייט פון שטאָדט און פון מאַשינען,
דאָרט, וואו בערג און טאָלן גרינען,
וואו עס פּאַשען זיך די ווייבער,
זייערע גאָט-געבענטשטע לייבער,
מיט „פּעטייטאָס" דריי מאָל טעגליך,
ביז זיי ווערן אומבאַוועגליך,
ווי די אַלטע פּיראַמידן —
דאָרט אין שכינות מיט אַ אידן,
מיט אַ באָרד און אַ קאַפּאָטע,
און אַ חורבה און אַ בלאָטע,—
שטייט אַ הייזקע גראָד אַ ריינע,
וואוינט אַ מיידל דאָרט אַ שיינע,
אַלע מאַמעס — גאָט גערעכטער !
זאָלן האָבן אַזעלכע טעכטער.

דאַרף זיך מאַכן אַז דאָס מיידל
טראָגט אַ קעסטלדיגע קליידל,
און אַ נאָמען — שיינע-מירל —
און רופט מיך פּאַר אַ שפּאַצירל...
וואָלט דאָך אַלץ אַזוי געראָטן,
ווען אַנטקעגן — מעשה שטן !—
וואָלט ניט קומען אויף זיין פערדל,
אָט, דאָס אידל מיטן בערדל !
און ער שמייכלט צו דער מיידל,
קוקט פאַר'גנבה'ט אויף איר קליידל,

רעדט, און רעדט פון זיין „גריזאַטע" — —
און פאַרפירט אונז אין אַ בלאָטע!
זע איך באַלד: ס'אַ שלעכטע מעשה,
פאַר מיין מירל'ס שיכליך ווייסע —
בין איך העלדיש דאָך און איידל,
טו איך באַלד אַ כאַפּ דאָס מיידל,
און אָן טענות און אָן עיצות,
וויאָ! זי פאָרט אויף מיינע פּלייצעס.

גיי איך, גיי איך, טיף געבויגן,
פונקען פליען פון די אויגן,
איבער זומפּן, דערנער, קנאָכן,
האַלז־און־נאַקן שיער צובראָכן.
ביז איך האָב מיין שווערן „חלום",
צו איר היים געבראַכט בשלום.

וואָס דערפון וועט ווייטער ווערן,
האָב איך מורא גאָר צו קלערן...
שוין די ווייבער ווינקען אַלע,
רופן אונז די „חתן־כלה", — —
וועט מיין ווייב זיך דאָס דערוויסן,
וועט זי מיך אין שטוב פאַרשליסן,
כ'זאָל אַ צענטן שוין פאַרזאָגן,
אויף די פּלייצעס נישט צו טראָגן,
יענע שיינע, זיסע מיידל,
אין דעם קעסטלדיגן קליידל...

# „אָרעמער דיכטער"!

מיט אַ שוואַר־באַלאָדן האַרץ,
כ'האָב שפּאַצירט גאַס־אויס, גאַס־איין,
און געזען נאָר שוואַרץ און שוואַרץ,
אָן אַ ברעקל טרייסט און שיין.

פלוצלונג — קינדער אַזוי פיל
זינגען, שפּרינגען פול מיט גלוט.
גיי איך צו, באַטראַכט דאָס שפּיל,
ווערט מיר גרינג אַזוי און גוט.

פיל איך דאַנקבאַרקייט צו זיי, —
אַ, די קליינע, ליבע פריינט,
פון די נעגל פון מיין וויי,
מיך געראַטעוועט האָבן היינט!

און אַלס צייכן פון מיין דאַנק,
נעם איך ס'לעצטע ביסל געלט,
כ'טייל איעדן אַ געשאַנק:
— קויף זיך, קינד, וואָס דיר געפעלט.

ווער אויף ניס, אויף שאָקאָלאַט,
ווער אַ שפּילעכל עס בעט,
כ'טייל און טייל און כ'הער כמעט,
וואָס איעדנס הערצל רעדט — —

האָט אַ מאַמע דאָס דערזען
(מאַמעס אויגן זעען באַלד),
איז „אַ ווייטאָג איר געשען",
ברעכט זי הענט און שרייט געוואַלט!

קוויטשען ווייבער אָן אַ שיעור,
מעסטן מיך פון קאָפּ ביז פּים:
— „געלט גאָר טיילט ער, ווי איז מיר,
קינדער גנבה'ט ער געווים!

„זעט אַ הולך! זעט אַ גאַנג!
ווער עס וואַרפט זיך דאָ מיט געלט!
עפּעס זאָגט מיר מיין געדאַנק,
ס'האָט אַ טייוול זיך פאַרשטעלט!

„גיט־זשע אים ווי ער פאַרדינט,
טרייבט אים, יאָגט אים, דעם באַנדיט.
קוילען קען ער דאָך אַ קינד,
צי דערשטיקן — גאָט באַהיט!

„קאַרג דען אומגליקן געשען
פונקט אַזעלכע יעדן טאָג?" — — —
און... פון ווייט איך זע שוין גיין
גלייך צו מיר „אַ בלויען ראָק"...

— — — — — — — — — — — — — — —

הינטער שלעסער, אין דער פרעמד,
כ'האָב גענעכטיגט יענע נאַכט;
פאַר די גראַטעס זיך געשעמט,
און געשריבן... און געלאַכט...

# אַ צווייג פון אונזער בוים

(צום דרעסמאַכער ברענטש 122 ארבעטער רינג)

מיר זענען אַ צווייג פון אַן אַרבעטער בוים,
אַ בוים וואָס באַשיצט זיינע טויזנטע ברידער.
און הויך איז זיין שטראַליקער קאָפּ אין דעם רוים,
און וואָרצלען, ווי אַנקערס, ער שפּרייט אין דער נידער.

ווי גוט אים געפּלאַנצט האָט אַן אַרבעטער דור,
ווי שיין אויסגע׳חלומ׳ט אין פינצטערע שטייגן...
איצט שטייט אַ גיגאַנט — זייער טרוים אויפ׳ן וואר — — — —
צעשפּרייט זיינע הונדערטע, פּרוטבאַרע צווייגן!

און אין דעם געוועב פון זיין בליהענדן פּוץ,
מיר זענען זיין צווייג, „צוויי-און-צוואַנציק-און-הונדערט״.
וואָס שפּרייט איבער אַרבעטער-היימען זיין שוץ
און טראָגט אויף זיך פּירות, וואָס ווערן באַוואונדערט...

מיר זיינען אַ צווייג, איינגעוואַקסען אין שטאַם,
פאַרוועבט אין די וואָרצלען און גלאַררייכע שפּיצן — — —
זיין האַרץ קלאַפּט אין אונז מיט׳ן פולם פונ׳ם ים,
זיין בלוט פליסט אין אונז מיט׳ן פייער פון בליצן.

# אינהאַלט


ווידמונג

פאָרוואָרט פון אַרויסגעבער קאָמיטעט


## מלחמה מאָטיוון


זייט

אַ ליד פון היינט — 9
שלאָף ניט קינד מיינס — 11
פאַר אַ יינגל, אַכצן יאָר — 13
צום אומבאַוואוסטן — 15
אַזוי וועט עס זיין — 16
אַ קינד האָט געחלומט — 17
דער העלד — 19
דו וועסט מיך ניט פאַרטיליגן — 21


## סאָציאַלע לידער


אין אָרעמער ענגשאַפט — 25
אין שאַפּ — 27
נו, איז ער דיין קנעכט — 30
באַגינען — 31
אין תּפיסה — 32
„עללען סטריט" — 34
מאַמע און קינד — 36
דער נביא (געווידמעט צו יודזשין וו. דעבס, אין יאָר 1919) — 38
ליכט — 41
נאָקטורן — 43
צום אַרבעטער — 46
צו אַ בעטלער — 47
דער מענטש — גאָטס טרעד — 49
אַ בוך איז דאָס לעבן — 50
ערד — 51
צום הימל (אַלעגאָריע) — 52
וואָלגאַ־ליד — 54
אַ בריוו (פראַגמענט) — 55
דער אָנקום פון פרילינג — 59

## לירישע געזאַנגען


| | זייט |
|---|---|
| אַ נאַכט אויפ׳ן האָדסאָן | 61 |
| דער מענטש ביים ים | 64 |
| האַרבסט שטימונגען | 67 |
| וואוהין | 71 |
| זאָגסט, ביזט עלנד | 72 |
| אין אַ פרי־מאָרגן | 73 |
| ווינטער | 75 |
| אין אַ ווינטער טאָג | 76 |
| אַ שנייעלע | 77 |
| פרילינג | 78 |
| עס איז מיין ליבע | 79 |
| פונקען | 80 |
| אין נעבל | 81 |
| מיראַזשן | 82 |
| אַ חלום | 83 |
| נאָכ׳ן רעגן — 1) 2) 3) 4) | 84 |
| זיי שטאָלץ! | 87 |
| אַ „סאָנעט” | 88 |
| פייגעלע | 89 |
| שפעט האַרבסט | 90 |
| די פאַרלוירענע (אַלט־בעסאַראַבער באַלאַדע) | 92 |


## הומאָריסטיש־סאַטירישע פערזן


| | |
|---|---|
| דאָס לאַנד פון וואונדער | 101 |
| „צווייַ גרענאַדיערן” | 103 |
| ניט אין ביכער פון פאָעטן | 105 |
| סעזאָנען, פאַסאָנען | 107 |
| צייט, צייטן! | 109 |
| „גייסטער” | 110 |
| אַ זון־אויפגאַנג | 112 |
| איינע! | 113 |
| ווייט פון שטאָדט (זומערדיגע שטיפעריי) | 114 |
| „אָרעמער דיכטער”! | 116 |
| אַ צווייג פון אונזער בוים | 118 |